*

דאָס בוך אַנטהאַלט אַ טייל פֿון די רעפֿעראַטן וואָס דער ח׳ יצחק טאַבענקין האָט געהאַלטן אויפֿן ערשטן וועלט־סעמינאַר פֿון „דרור — החלוץ־הצעיר”, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין אינדערסדאָרף (בייערן), מערץ־יוני 1947.

מיר ווילן אונטערשטרייכן, אַז די רעפֿעראַטן זיינען ניט פֿאַרשריבן געוואָרן סטענאָגראַפֿיש און אויך ניט רעדאַגירט געוואָרן דורכן ח׳ טאַבענקין אַליין. זיי זענען באַאַרבעט לויט פּראָטאָקאָלן פֿון די סעמינאַריסטן, דעריבער איז אָנצונעמען, אַז פֿיל שטעלן זיינען ניט פֿאָלקאָם אָדער פֿעלן בכלל.

אונדזער רעדאַגירן דאָס מאַטעריאַל איז געווען זייער באַגרענעצט צוליבן ווילן אָפּצוהיטן דעם פּראָטאָקאָל־כאַראַקטער. מיר האָבן זיך ניט דערלויבט אַריינצוברענגען קיין וועזנטלעכע ענדערונגען — אפילו ניט שפּראַכלעך און סטיליסטיש.

און דאָך האָבן מיר געפֿונען פֿאַר ריכטיק איבערצוגעבן די רעפֿעראַטן דער באַוועגונג — זאָל זיין אַפֿילו אין אַ ניט פֿולקאָמער מאָס. מיר גלויבן, אַז דאָס בוך וועט אויספֿירן אַ דערציערישע און באַפֿרוכפּערנדיקע שליחות אין אונדזער באַוועגונג, וואָס נויטיקט זיך אַזוי אין אידעישן מאַטעריאַל.

דאָ האָבן מיר נאָר געגעבן די רעפֿעראַטן וועגן געדאַנקלעכע שטרעמונגען אין דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט — וועג־זוכעניש, ראַנגלעניש און בלאָנדזעניש פֿון פֿאַרגאַנגענעם דור, ביזן קומען צו דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער און חלוציש־פֿאַרווירקלעכדיקער באַוועגונג. מ׳קען ניט פֿאַרשטיין וואָס עס קומט פֿאָר היינט, ניט לערנענדיק די מקורות — ניט דערגייענדיק צו די וואָרצלען.

די פּראָטאָקאָלן האָבן געפירט און באַארבעט די
סעמינאַר-חברים ב נ י מ י ן און ח יי ם.

# אונדזער באַוועגונג פֿאַר אַ פּרווו

מיר שטייען נאָך דער טרעסטער מפּלה פֿון יידישן פֿאָלק, אַ מפּלה וואָס שטייגט אַריבער דעם חורבן בית שני. דער חורבן און דאָס פֿאַרלירן די זעלבסטשטענדיקייט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, איז ניט געווען אַזאַ מפּלה ווי דאָס פֿאַרלירן איצט דעם גרעסטן טייל פֿון אייראָפּעישן יידנטום. ס'איז אַ מפּלה פֿון פֿאָלק אין קאַמף פֿאַר זיין קיום און אויך פֿון אונזער באַוועגונג.

מיר און אַנדערע באַוועגונגען האָבן זיך באַוווסטזיניק אַריינגעמישט אין לעבן פֿון פֿאָלק. אין דער גאַנצער עפּאָכע, וואָס יידן האָבן געפֿירט אַ באַוווסטזיניק־געזעלשאַפֿטלעך לעבן — האָבן מיר אין אים אַריינגעלייגט אויך אונזער אַרבעט. און ס'איז אונדז שווער איצט, נאָכדעם ווי זעקס מיליאָן יידן זענען פֿאַרניכטעט געוואָרן.

מיר דאַרפֿן זיך פֿאַרטראַכטן, צי האָבן מיר ניט ווייניק געטאָן פֿריער; צי האָבן מיר ניט געקענט פֿאַרלירן ווייניקער יידן. דערפֿאַר דאַרף מען ווידעת אויספֿרווון די לעבנס־פֿעיקייט פֿון אונזער באַוועגונג און באַשטימען איר ווייטערדיקן וועג. דעם חשבון קען מען מאַכן נאָר מיטמאַכנדיק דאָס לעבן. מיר דאַרפֿן קלערן וועגן לעבן אין גאַנג פֿון לעבן, ווייל מיר דענקען ניט צוליבן דענקען, נאָר מיר דענקען צוליבן לעבן. דאָס דענקען איז דאָך אַ טייל פֿון לעבן, דערפֿאַר דאַרף מען עס טאָן  ב ש ע ת   מ ' ל ע ב ט. געוויס וועט אונזער באַוועגונג דאַרפֿן אַ סך לערנען און אָפּלערנען. געוויס ווירקן אויף אונזער געדאַנק, אויף אונזער אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם די געשעענישן וואָס האָבן פּאַסירט. און דער חשבון באַמרויקט אונדז זייער. אויף סעמינאַרן, צוזאַמענפֿאָרן און אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פֿון דער באַוועגונג וועלן מיר אַנאַליזירן און לערנען די געשעענישן און געוויס וועט זיך ביי אונדז שאַפֿן אַן אמתדיק בילד.

און דערמיט מוז איך אָנהויבן.

מ׳זאָגט, אַז דאָ אין לאַנדסבערג איז דאָ אַ שלאָס, וווּ היטלער האָט גע־שריבן זיין באַרימט בוך „מיין קאַמף״. און מיר שטייען אין דעם קאַמף. היטלער האָט אים געפירט אין נאָמען פון זיין פאָלק. מיר שטייען אַנטקעגן דעם דאָזיקן שלאָס — מיר שטייען אין קאַמף. מיר האָבן פיל פאַרלאָרן, אָבער דאָך איז דער קאַמף פון נאַציזם פאַרשפּילט. עס איז ניט געווען קיין קאַמף נאָר קעגן יידן. דאָס איז געווען אַ קאַמף פון איין ראַסע — ריכטיקער פון איין טייל אירן — קעגן פּראָגרעס, קעגן פאַרבריידערונג, קעגן דאָס מענטשלעכע און פאַר דאָס חיה׳שע. דער קאַמף איז ניט נייַ; ער ווערט געפירט אין משך פון דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע. דאָס גאַנצע לעבן איז אַ קאַמף צווישן מענטש און אוממענטש. אָבער אַזאַ קאָנצענטרירטער קאַמף פאַר דאָס חיה׳שע און קעגן דאָס מענטשלעכע — איז פאַרן היטלעריזם נאָך ניט געווען אין דער געשיכטע. און ווייל דאָס איז געווען אַ קאַמף קעגן די דערגרייכונגען פון דער מענטשהייט — איז דאָס געווען אַ קאַמף קעגן רוסלאַנד, קעגן דעמאָקראַטיע, קעגן יידן.

דער פּרווו צוריקצוקערן די מענטשהייט צו אַ שטופע נאָך אַ פריערדיקער וויי דער מיטלאַלטער איז דורכגעפאַלן. דער שונא האָט ניט געזיגט, אָבער ער איז אויך ניט באַזיגט. דער קאָנצענטרירטער אָנגריף איז דורכגעפאַלן, אָבער אַלע עלעמענטן פון דעם כוח זיינען ניט פאַרניכטעט. איך גלויב, אַז צו אַזאַ מין כוח פון מענטשן־שנאה און פיזישער מאכט ווי ס׳האָט געהאַט די אַקס דייטשלאַנד־איטאַליע־יאַפּאַן, וועט שוין די רעאַקציע מער נישט דערגרייכן. עס זיינען שוין דאָ אַזויפיל כוחות קעגן העם אַנטימענטשלעכן, אַז ער האָט ווייניק שאַנסן ווידער אויפצוקומען, ווידער צו זיגן. אָבער זיינע טיילן זיינען נאָך פאַרט דאָ. דאָס איז דער כוח פון וועלן הערשן איבער מענטשן, פון פאַר־שקלאַפן; דאָס איז די פיינטשאַפט צום סאָציאַליזם, די ראַסן־שנאה, די שנאה צו יידן — צו אַ קליין פאָלק, וואָס עקזיסטירט אַזוי לאַנג צווישן גרויסע פעל־קער אָן אַ מאַטעריעלן אָנשפּאַר; אַ פאָלק מיט אַזאַ אויסגעשפּראָכענעם פּסיכישן און פיזישן אויסזען און מיט אַ זייער שטאַרקן כאַראַקטער. עס איז אַ פאָלק, וואָס רייסט דורך יעדע אַסימילאַציע און איז אַ פאַרקערפּערונג פון כוח פון גייסט, ווייל עס איז גייסטיק שטאַרקער ווי פיזיש און אַ סך שטאַר־קער גייסטיק ווי אַנדערע פעלקער.

יעדעס פאָלק — ווי יעדער מענטש — האָט זיין כאַראַקטער, זיין אויס־געשפּראָכנקייט. דאָס איז אַ פּראָדוקט פון אַנטוויקלונג, ס׳איז דאָס גייסטיקע אין דער מאַטעריע, וואָס גיט איר אַ פּאָרם. מיר זיינען ניט קיין „אתה בחרתנו״, קיין אויסדערוויילטע, אָבער מיר האָבן דערגרייכט צו אַן אויסגע־

שפּראַכענעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, ווי ס'האָבן אַמאָל דערגרייכט די גריכן און רוימער. מיר אַנטוויקלען אים טאָג-טעגלעך, אין אַלע צייטן און אין אַלע באַדינגונגען. אַנדערע פעלקער, פיל גרעסערע אין צאָל און פיזיש שטאַרקערע, האָבן אַסך אַ ווייניקער אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער ווי מיר, כאָטש יעדעס פאָלק האָט צו דעם אַ מעגלעכקייט. דאָס יידנטום, וואָס האָט ניט קיין מאַטעריעלן כוח, איז אַן אויסדרוק פון כוח פון גייסט. אָט דער אינערלעכער כוח רופט אַרויס ביי אַנדערע אַ שנאה. ניט דאָס אַליין איז די סיבה פון שנאה צו אונדז. סיבות זענען דאָ פיל. מען האָט פיינט די יידן מיט אַלערמען, מיט וואָס מען קען פיינט האָבן און מען געפינט צו דעם טויזנטער חסרונות: דעם גוף, דעם אויסזען, די פרנסות. מען האָט פיינט דעם יידן ווייל מען האָט אים פיינט, ווייל ער איז פרעמד און אַנדערש, און לעבט צווישן פרעמדע און אַנדערע. מען האָט אים פיינט מיט אַלע שנאות. יעדעס פאָלק יעדער דור, געפינט זיך זיין אַרט שנאה צו יידן.

אַ טייל פון דער שנאה צום יידן איז די שנאה צום גייסט. און אַ באַוועגונג, וואָס איז געבויט אויף שנאה צום מענטשלעכן גייסט, ווי דער פאַשיזם, מוז זיין קעגן יידן. ער מוז זיין קעגן יידן, ווייל זיי זיינען אַ באַשיינפּערלעכער אויסדרוק פון כוח פון גייסט.

די גאַנצע מענטשלעכע אַנטוויקלונג, איז די אַנטוויקלונג פון דער הערשאַפט פון מענטש איבער דער נאַטור און איבער זיין אייגענער נאַטור. עס איז אַן אַנטוויקלונג פון מאַטעריע אַן גייסט צו מאַטעריע באַגייסטיקטער. דער סאָציאַליזם וועט זיין אַ שפּרונג פון אַ וועלט פון נויטווענדיקייט אין אַ וועלט פון פרייהייט — פרייהייט פון מענטשן, ווען ער וועט הערשן איבער דער נאַטור; אין אַ גייסט, וואָס זאָל ניט זיין אָפּגעריסן פון מאַטעריע — נאָר אַ גייסט, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט אין לעבן. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם לייקנט ניט דעם גייסט, ער זעט אים נאָר אין אַן אַנדער ליכט, און ער שטרעבט צו באַפרייאונג פון גייסט. עס איז ניט ריכטיק די מחשבה, אַז נאָר יידן זיינען אַ פאָלק פון גייסט, אָדער אַז יידן זיינען נאָר אַ פאָלק פון גייסט. דערפאַר וואָס דאָס פאָלק איז אַ קליינס און האָט נישט קיין שטאַרקן אָנשפּאַר אין מאַטעריעלן רייכטום האָט עס פאַרקערפּערט אין זיך און אַנטוויקלט דעם כוח פון גייסט.

יעדע פרייהייטס-באַוועגונג האָט אין זיך אַ גייסטיקן כוח, ווייל נאָר מאַטעריעל קען מען נישט ווירקן אויף דער מאַטעריע; יעדעס אויפשטעלן זיך קעגן עפּעס איז אַ ווידערשטאַנד פון גייסט. אַ גרופּע, וואָס גייט אפילו קעגן רעוואָ־

לוציע שטעלט זיך אויך אויף נאָר מיטן כוח פון גייסט, ווייל קיין מאַטעריעלן כוח האָט זי נישט. דער ווידערשטאַנד מוז שטענדיק האָבן עפּעס גייסטיקס, כדי צו קענען קעגנשטעלן אַ שוואַכן מאַטעריעלן כוח — דעם שטאַרקערן.

דער פּרווו פון נאַציזם, זיין קאַמף, האָט אין זיך געהאַט די עלעמענטן פון שנאה קעגן אַנטוויקלונג, קעגן אַרבעטער-קלאַס, שנאה צום יידישן פאָלק. דער כוח פון פאַשיזם, נאַציזם, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט פאַראייניקט די אַלע עלעמענטן: שנאה צו יידן; שנאה און פּחד פאַר רוסלאַנד — אי אַלס גרויסע מדינה, אי אַלס סאָציאַליסטישע מדינה, וואָס ווייזט, אַז אַרבעטער קענען אויך הערשן און שטאַרק זיין — מיט דער שנאה פון דייטשן אימפּעריאַליזם צו דער קאָנקורענץ פון אַנגלאָ-אַמעריקע; די שנאה פון אַרבעטסלאָזע מאַסן, וואָס זיינען ניט געווען באַפרידיקט אין לעבן נאָך יענער מלחמה, האָט ער פאַראייניקט מיטן באַפרייען דעם מענטשלעכן געשלעכטלעכן יצר פון גייסטיקער אַנטוויקלונג, פון טיפער מענטשן-ליבע. ער האָט אויפגעשטעלט דעם אינסטינקט, וואָס פאַרערט די פרוי נאָר אַלס סעקסועל-דינענדע קינדער-געבוירערין.

אין קאַמף קעגן דער גלייכבאַרעכטיקונג פון ראַסן, קלאַסן און געשלעכטן, האָט ער אויסגענוצט אַלע שלעכטע אינסטינקטן און אויסגעפונען אַלע פעדים פון שנאה אין אַלע ריכטונגען פון לעבן: צום סאָציאַליזם, צו יידן, צו פּראָגרעס, צו אַלדאָס מענטשלעכע אויף דער וועלט. פאַרשיידענע מענטשן זיינען דורך פאַרשיידענע שנאות צוגעבונדן געוואָרן צום פאַשיזם.

און ער איז דורכגעפאַלן. עס זיינען שוין ניט מער קאָנצענטרירט זיינע אַלע שלעכטע כוחות. ער איז דורכגעפאַלן אין זיין אָנפאַל, אָבער ער איז געבליבן לעבן אין זיינע עלעמענטן. מיר טאָרן נישט רוען אויף די לאָרבער-בלעטער. כאָטש דער פיינט איז באַזיגט — דאָך האָבן מיר נישט געזיגט.

אונדזער באַוועגונג דאַרף מאַכן איר חשבון. אויך נאָכן פאַלן פון פאַשיזם האָט דאָס יידישע פאָלק נאָך נישט געקראָגן זיינע רעכט און פרייהייט. אין דעם באַפרייאונגס-קאַמף פון מענטשן האָט דער סאָציאַליזם, וואָס האָט דעם מענטש פאַרויסגעטראָגן, אַרויסגערופן קעגן זיך אַזאַ קאָנצענטרירטן כוח ווי דער פאַשיזם. און איצט רופט ער ווייטער אַרויס אַ קעגן-כוח, און ווייטער פירט זיך אַ שווערער קאַמף. די אויפגאַבע שטייט פ אַ ר אונדז און ניט הינטער אונדז.

ווען מיר ווילן זיך טרייסטן, זאָגן מיר: און פאָרט איז דער נאַציזם גע-פאַלן, ער עקזיסטירט נישט מער. די פאַרהאַנדלונגען פון די זיגער קומען פאַר

אין מאָסקווע, ביי אַן אַרבעטער-פּויערים רעגירונג, ס'זיצן לאָרדן צוזאַמען מיט אַרבעטער און פּויערים. דאָרט, ווו די דייטשן האָבן געהאָפט, אַז זיי וועלן טיילן די וועלט — דאָרט טיילט מען איצט דייטשלאַנד. איך ווייס ניט צי אַלע באַשלוסן דאָרט וועלן זיין ריכטיקע, אָבער דאָך איז דאָס אַ זיג. די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט אַז דאָס אונטערשרייבן פון שלום זאָל פּאַרקומען אין וואַרשע. איך וואָלט געוואָלט עס זאָל זיין אין וואַרשעווער געטאָ, אָדער אין ירושלים; ס'וואָלט דערמאָנט דער וועלט, וואָס ס'איז געווען און וואָס ס'דאַרף זיין. אַנשטאָט דעם זייַנען איצט אין ירושלים שטעכיקע דראָטן, ענגלענדער הערשן דאָרט.

און ווען מיר קלייבן זיך צונויף אין אַזעלכע טעג און ווילן דאָ צוזאַמען טראַכטן און אַרבעטן דאַרפן מיר פילן, אַז מיר קלייבן זיך צענויף אויף ד ע ם ב אָ ד ן אין ד ע ר לאַגע, וואָס רינגלט אונדז אַרום — דאָס איז אונדזער ווירקלעכקייט.

וואָס זאָגט היינט אונדזער באַוועגונג, די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע, די קיבוצישע, די יוגנט-באַוועגונג, וואָס איז אַ טייל פון דער אַלמענטשלעכער פרייהייטס-באַוועגונג? וואָס איז היינט איר וואָרט? צי איז צוועקמעסיק צו אָרגאַניזירן סעמינאַרן און לערנען אונדזערע אמת'ן? צי דאַרפן מיר לערנען וואָס זייַנען געווען אונדזערע אידייען, ווי האָבן זיי זיך באַשטעטיקט און מיט וואָס דאַרפן מיר ווייטער לעבן?

די נבואה — ניט אַלס רעליגיעזע דערשיינונג — נאָר דאָס וועלן וויסנשאַפטלעך פּראָוויזן; דאָס וועלן לעבן און ריכטן זיך לויט דעם, וואָס וועט פּאַרקומען; דאָס פּראָוויזן די אַנטוויקלונגס-טענדענצן, די פּראָגנאָז — אויף דעם האָט זיך געשטיצט אונדזער באַוועגונג. דער סאָציאַליסטישער רעפאָרמיזם האָט געהאַט זיין נבואה — אַז עס וועט זיין פרידן אויף דער וועלט, אַז די קלאַסן וועלן אויסקומען אָן קלאַסן-קאַמף, פעלקער וועלן צווישן זיך ניט מלחמה האַלטן; פעלקער וועלן ביים פעלקער-בונד-טיש בשלום דורך רעפאָרמען אַנטוויקלען די מענטשהייט, וועלכע וועט פון איצט אָן לעבן אין פרידן. אַרבעטער האָבן רעכט צו ווילן פּאַראַמענטן און דאָס איז דער שלום-וועג פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. אָבער דאָס זייַנען געווען פאַלשע נביאים, ס'איז „שלום שלום ואין שלום"! און אין דייטשלאַנד, ווו ס'זייַנען געווען אַזעלכע שטאַרקע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען, מעכטיקע פראָפ.-פאַריינען — זייַנען זיי אַלע אין איין מאָג פאַרניכטעט געוואָרן. אַנשטאָט דעם פּראָויסגעזאָגטן וועג אָן בלוט-פאַרגיסונג — האָט זיך אָנגעהויבן

די שרעקלעכסטע מלחמה אין מענטשלעכן לעבן. דער רעפארמיזם איז דורכגע־פאלן. מענטשן אבער דארפן פארויסזען, דארפן קענען הערשן איבער שטאר־קערע פון זיי כוחות, ווייל מענטשן קענען פארויסזען דעם מארגן.

דער פראגנאז איז א נייע פארם פון נבואה. מענטשן דארפן פארויסזען און לעבן אזוי, ווי עס ווייזט די ריכטיקע נבואה. דערמיט איז דער מענטש מענטש, וואס ער קען לעבן מיטן פארויסזען דעם מארגן. דאס איז די מענטש־לעכע נאטור — דאס געדענקען, און דאס פארויסזען וואס איז געבונדן מיט א שארפן דענקען. מיר דארפן זיך פרעגן: צי האבן מיר פארויסגעזען ריכטיק, אדער נישט? דער ציוניסטישער סאציאליזם האט ריכטיק פארויסגעזען. סירקין האט פארויסגעזאגט די קאטאסטראפע. און נאך 25 יאר פאר דעם האט פינסקער געזען די אימה פאר אונדז, וואס טראגט א שנאה און קאן ברענגען צו א קאטאסטראפע, צו א ליקווידאציע פון עמאנסיפאציע. מיר האבן געזאגט, אז יעדער ייד דארף זיין א חלוץ און דאס לעבן דא דארף זיין נאר א הכשרה. מיר זיינען ניט געווען אפטימיסטיש בנוגע דעם לעבן פון יידן אין איראפע, אבער מיר זיינען געווען צו ווייניק פעסימיסטיש.

אין אונדזער גאנג האבן מיר קיין טעות ניט געהאט, אבער ביחס א"י זיינען מיר געווען צו ווייניק אפטימיסטיש. עס איז דארט געשאפן געווארן מער ווי מיר האבן זיך פארגעשטעלט. קאלאניזאציע, דאס ארייננעמען אזויפיל יידן, און א לעבן נישט געבויט אויף אראבער — פרעמדע, נאר אליין, זעלבס־שטענדיק, נעבן זיי, און צום באדויערן, אמאל אויך קעגן זיי. מיר ווילן זיי ניט פארטרייבן. מיט זיי אלע קען מען נאך ארייננעמען א סך יידן. אין א"י זיינען בשעת די לעצטע מלכים פון די חשמונאים, ביי אן אנדערער טעכניק, ביי א פרימיטיווער לאנדווירטשאפט און אינדוסטרי, געווען אייניקע מיליאן יידן — קען דאך דאס לאנד איצט ארייננעמען א סך מער. און יידן זיינען פעיק דאס לאנד צו אנטוויקלען. אין אונדזער פעסימיזם, אז יידן טארן ניט ווארטן אין גלות אויף גאורנים און טארן ניט ווארטן אויף א מדינה; אז א"י קען ניט ווארטן ניט אויף משיחן ניט אויפן סטיכישן פראצעס — אין דעם אלעמען זיינען מיר געווען גערעכט. דאך ווייזט דאס לעבן, אז מיט עפעס זיינען מיר געווען ניט אין ארדנונג. מיר האבן ניט באוויזן צו פארוואנדלען אונדזער באוווסטזיין, אונדזער לערע אין טאט; ניט באוויזן צו באוועגן צו מעשים ניט נאר די זעקס מיליאן יידן, נאר אפילו ניט אלע חלוצים, די

יוגנט. מיר האָבן ניט באַוויזן זיי אָנשטעקן מיט אונזער אומרו, זיי באַוועגן זיך צו דירן. כ'ווייס ניט, וואָס ס'האָט אונדז געפעלט — צי אַנטשלאָסנקייט, דער ווילן — צי די קראַפט פון איבערצייגונג. יעדנפאַלס זיינען אין דעם געווען ניט נאָר אָביעקטיווע סיבות. אונדזער שוואַכקייט איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבן ניט געבראַכט די יידישע מאַסן צו מאָמענטאַלער פאַרווירקלעכונג.

# אידעאָלאָגישע מקורות

צי האָבן מיר — די כאַציאַליסטישע באַוועגונג — אַ לערע, אַ וויסנשאַפט? צי האָט אונדזער באַוועגונג אַן אידעאָלאָגיע און יסודות?

ס'זיינען דאָ פאַרשיידענע באַוועגונגען. „דרור“ איז אַ טייל פון דער באַוועגונג צו שאַפן אין א״י אַ יידישע זעלבסשטענדיקייט דורך יידישע קאָמוניסטישע ישובים; אַ באַוועגונג פון מענטשן, וואָס וואַנדערן איבער פון פאַרשיידענע ערטער פון גלות אָדער פון ארץ־ישראל גופא צוליב אָט דעם ציל. מיר זיינען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער יידישער באַוועגונג, וואָס בויט א״י. מיר זיינען אַ באַוועגונג פון זייער גרויסע ענדערונגען אין לעבן: געאָגראַפישע ענדערונגען — דאָס אַריבערגיין פון איין לאַנד צום צווייטן, פון איין אָרט לעבן — צו אַן אַנדערן, פון שטאָט — אין דאָרף, פון איין אַרבעט — צו אַ צווייטער, פון איין שפּראַך — צו אַ נייער. ס'איז אַ באַוועגונג, וואָס ענדערט דעם מענטש און ענדערט דאָס לאַנד — ס'איז אַ באַוועגונג פון אַ טאַטזאַך, פון מעשים. יעדע באַוועגונג באַשטייט פון מענטשן, וואָס ווילן מאַכן ענדערונגען אין לעבן. ס'זיינען דאָ פאַרשיידענע באַוועגונגען: פּאָליטישע, סאָציאַלע, שפּראַך־באַוועגונגען, געדאַנק־באַוועגונגען א. ד. ג. אונזער באַוועגונג איז ניט בלויז אַ קולטורעלע, אָדער פּאָליטישע באַוועגונג, נאָר, בעיקר, אַ באַוועגונג פון טאַט, אַ סאָציאַלע באַוועגונג. זי ענדערט אַלע סאָציאַלע יסודות פון מענטשלעכן לעבן.

אַזאַ באַוועגונג הויבט זיך אָן ניט מיט טאַט. מיר זיינען אַ פאָרם פון פאַרווירקלעכן די כאַציאַליסטיש־ציוניסטישע באַוועגונג, וועלכע איז פון אָנפאַנג געווען אַ באַוועגונג פון געדאַנק. דער סאָציאַליזם הויבט זיך אָן מיט אַ קריטישן צוגאַנג צו דער עקזיסטירנדער אָרדנונג און מיט שאַפן אַן אידעאַל, וועלכן ער שטעלט אַנטקעגן דעם, וואָס ער קריטיקירט.(די שטופע אין סאָציאַליזם רופט מען די אוטאָפּיסטישע). יעדע באַוועגונג האָט מענטשן, וועלכע זיינען אירע אַנזאָגער, קריטיקירן דאָס לעבן און שאַפן דעם אידעאַל. אַזוי

האָט אויך אָנגעהויבן דער ציוניזם; אזוי אויך דער ציוניסטישער סאָציאַליזם. אויך זיי האָבן געהאַט אָנזאָגער, מבשרים — די וואָס האָבן אויסגעדריקט די נעגאַטיווע באַציונג צום עקזיסטירנדן און פאָרמירט אַן אידעאַל. די קריטישע באַציונג צו דעם לעבן פון יידישן פאָלק אין גלות האָט זיך אָנגעפאַנגען לאַנגע יאָרן פאַרן אָנהויב פון אַן אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע ר ציוניסטישער באַוועגונג; נאָך פאַר דער ערשטער אָרגאַניזאַציע פון „חיבת ציון". די מבשרים פון ציוניזם האָבן פאַרבונדן זייער קריטיק מיט אַן אידעאַל פון אַ זעלבשטענדיק לעבן פון יידן אין זייער היסטאָרישן היימלאַנד.

די ערשטע סאָציאַליסטן קריטיקירן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג אין שטעלן זי אַנטקעגן אַן אידעאַל פון אַ נייער אָרדנונג — אָן דער קלאַסן־אומגערעכטיקייט. די דאָזיקע קריטיק, און די ערשטע אידעאַלן, זיינען קאָנצענטרירט און סומירט געוואָרן דורך מאַרקסן און ענגעלסן, וועלכע האָבן געשטעלט דעם סאָציאַליזם אויף אַ העכערער שטופע. זיי האָבן אויפגעשטעלט דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. פון זיי שטאַמט דער באַגריף, אַז דער סאָציאַליזם איז אין אָנהויב געווען אַן אוטאָפּישער. אַדאַנק זיי איז ער געוואָרן אַ וויסנשאַפט. דאָס באַשרייבט שוין ענגעלס אין „די אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם פון אַן אוטאָפּיע ביז אַ וויסנשאַפט".

מאַרקס האָט סומירט אַלע געדאַנקען, וואָס זיינען געווען ביז אים. זיי זיינען באַשטאַנען פון צוויי הויפּט־טיילן: 1) דער סאָציאַליזם האָט דערוויזן, אַז די עקזיסטירנדע אָרדנונג איז שלעכט — זי ברענגט צו קריזיסן, צו מלחמות. דאָס האָט ער געטאָן מיט ניט נאָר לאָגישע באַווייזן, נאָר אויך מיט מאַראַלישע אַרגומענטן און ער האָט זיך געווענדעט צום געוויסן פון מענטשן; 2) קעגן דער אַלטער אָרדנונג ווערט געשטעלט אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, וועלכע וועט נישט האָבן אין זיך די אַלע חסרונות. דער אַלטער סאָציאַליזם האָט נישט געהאַט קיין מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן די נייע אָרדנונג. דערפאַר האָט מאַרקס די שטופע אין סאָציאַליזם אָנגערופן — אוטאָפּישע. אָבער אויך אין דער שטופע איז געווען ניט נאָר געדאַנק. ניט איין מאָל זיינען אַרבעטער און פועלים אויפגעשטאַנען קעגן דער געזעלשאַפט, ווייל די קריטיק איז ניט נאָר געווען אַ געדאַנק־זאַך נאָר אויך אַ לעבנס־זאַך — מענטשן האָבן דאָך באמת געליטן. נאָר די אַלע קאַמפן האָבן ניט געהאַט קיין צוועק, ווייל זיי זיינען געפירט געוואָרן אָן אַ קלאָרן אידעאַל.

די ערשטע באַוועגונג פון אַרבעטער קעגן קאַפּיטאַליזם איז געווען אַ באַוועגונג פון מאַשינען־ברעכער. אין ענגלאַנד, פראַנקרייך האָבן זיך אַרבעטער

פייגטלעך באַצויגן צו מאַשינען, צו דער טעכניק, באַטראַכטנדיק זיי אַלס אַרבעטס־קאָנקורענטן. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען ווער ס'איז שולדיק אין זייער שווערער לאַגע און האָבן געבראָכן מאַשינען. ס'קומט אויס ווי דער אידעאַל זייערער וואָלט געווען אַן אָפּגעשטאַנענע געזעלשאַפט, אָן מאַשינען. ניט נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין אידעאַל איז געווען זייער אַוטאָפּיזם, נאָר די מיטלען זייערע זיינען ניט געווען קיין וועגן צו אָפּשאַפן די אַלטע געזעלשאַפט און שאַפן אַ נייע.

ס'איז געווען נויטווענדיק דער סאָציאַליזם זאָל ווערן אַ וויסנשאַפט. אַ נויט, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין קריטיקירן די געזעלשאַפט איז משך פון צענדליקער יאָרן דורך שרייבער, פּאָעטן, קינסטלער, קריטיקער. מ'האָט געמוזט האָבן די רעוואָלוציאָנערע מיטלען, מיט וועלכע מען קען דער־גיין צו אַ נייער אָרדנונג. דערפאַר האָט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג געמוזט נישט נאָר קענען זען דאָס שלעכטע פון דער מדינה, פון דער אָרדנונג, וואָס הערשט מיטן כוח פון מיליטער און פּאָליציי, דאָס שלעכטע, וואָס מ'האָט אויפ־געוויזן לאָגיש, מאָראַליש אָדער קינסטלעריש — ווי למשל דער פראַנצויזישער מאַלער דאָמיע, וואָס האָט דורך קאַריקאַטורן קריטיקירט, געוויזן דאָס שלעכטע, נעגאַטיווע, דאָס ניט שיינע און פאַלשע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט; איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן איז אויך געווען צו פאַרשטיין דעם כוח פון דעם שלעכטן און די מיטלען צו ברענגען די פאַרווירקלעכונג פון דעם נייעם אידעאַל. די באַדייטונג פון מאַרקסן באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט פאַרוואַנדלט דאָס קריטיקירן די געזעלשאַפט, דאָס שאַפן אַן אידעאַל — אין אַ וויסנשאַפט, אין אַ פאָרשונג פון דער געזעלשאַפט, פון די פאַקטאָרן פון איר אַנטוויקלונג. דאָס וויסן איז, דער עיקר, דערקענען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן אַ סיבה און אַ פאָלגערונג — די פאַרבינדונגען צווישן זאַכן. די סאָ־ציאַליסטישע באַוועגונג באַזירט זיך אויפן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. איר איז דערעסן געוואָרן בלויז קריטיקירן די געזעלשאַפט און טרוימען וועגן אַ נייער. זי האָט געוואָלט פאַרשטיין און וויסן די מעגלעכקייטן צו פאַרווירק־לעכן דעם סאָציאַליזם. דאָס האָבן געמאַכט מאַרקס און ענגעלס.

די וויסנשאַפט איז אַ מיטל, אַ געווער, אַ ווערקצייג אין האַנט פון מענטשן, אין קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ. דער מענטש וויל וויסן דאָס, וואָס עס איז נויטיק פאַר אים צו וויסן. און ער מוז וויסן נאָר דעם אמת, ווייל עס איז לעבנס־געפערלעך ניט צו וויסן דעם אמת.

דער סאָציאַליזם האָט קלאָרגעשטעלט די באַדינגונגען פון אומקום פון

קאַפּיטאַליזם און אויפקום פון דער נייער געזעלשאַפט. ער האָט אויך געפונען דעם קלאַס מענטשן, דעם כוח, וועלכער וועט דאָס דורכפירן. דער סאָציאַליזם איז אַ געדאַנק ניט נאָר פאַר אַרבעטער — ער איז אַן אַלמענטשלעכער געדאַנק. דער קאַפּיטאַליזם מיט זיין פּריוואַט־אייגנטום, מיטן דרוק פון קאַפּיטאַל, איז שלעכט ניט נאָר פאַרן אַרבעטער, נאָר בכלל פאַרן מ ע נ ט ש ן. דאָס געפינען דעם טרעגער פון דער רעוואָלוציע — דעם אַרבעטער קלאַס, וועלכער איז רעוואָלוציאָנער לויט זיין לאַגע — איז געווען דער גרעסטער אויפטו פון מאַרקסיזם. די ערשטע סאָציאַליסטן זיינען גאָר קיין אַרבעטער ניט געווען. פירשט קראַפּאַטקין, באַקונין און אפילו מאַרקס, ענגעלס אָדער לאַסאַל זיינען געווען קינדער פון רייכע מענטשן. עס זיינען אַלזאָ געווען פאָרויסזאָגער פון סאָציאַליזם — ניט דוקא פון אַרבעטער קלאַס. דאָס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך אויפגעכאַפּט און דערזען די אומרעכט אין דער געזעלשאַפט. זיי זיינען ניט געווען די איינציקע, אָבער די וואַכזאַמע, וואָס האָבן דאָס די ערשטע דערפילט.

די סאָציאַליסטן־אוטאָפּיסטן האָבן געמיינט, אַז מיט פּראָפּאַגאַנדע וועלן זיי געבן צו פאַרשטיין די מערהייט מענטשן די ריכטיקייט פון סאָציאַליזם. איין אוטאָפּישער סאָציאַליסט האָט געמאָלדן, אַז ער וואַרט אין די און די שעהן אויף מענטשן, וואָס וועלן אים פאַרשטיין, און מיטגיין מיט אים. איינצלנע זיינען געקומען, אָבער זיי האָט געטראָגן נאָר דער מאָראַלישער אָדער לאָגישער כוח, אָבער ניט די מאַטעריעלע לאַגע. דערפאַר איז געווען אַזוי גרויס דער אויפטו פון די, וואָס האָבן דערזען דעם אמת'ן טרעגער פון סאָציאַליזם — דעם אַרבעטער. מען האָט געמוזט אויפקלערן פון וואָס עס איז אָפּהענגיק די עקזיסטענץ פון דער געזעלשאַפט, פאַרוואָס קומט נאָך ניט דער סאָציאַליזם, צי איז יעדע געזעלשאַפט אַ זאַך, וואָס קומט איין מאָל און בייט זיך ניט, אָדער אַ פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג; צי איז דאָס פּריוואַט־אייגנטום אַ זאַך, וואָס ליגט אין דער מענטשלעכער נאַטור, צי איז עס אַלעמאָל געווען און צי מוז זי אייביק עקזיסטירן; און צי ליגט אין מענטשנס נאַטור ניט שאַפן אַנדערש ווי פאַר זיין פּריוואַט־אייגנטום. עס איז אַלץ איינס צי מען זאָגט — די נאַטור האָט געשאַפן דאָס פּריוואַט־אייגנטום, אָדער גאָט. אויב גאָט — דאַן קען נאָר ער דאָס ענדערן. דער סאָציאַליזם האָט געמוזט אויספאָרשן צי איז די מענטשלעכע געזעלשאַפט אַ פון איין מאָל געגעבענע, אָדער זי קען זיך ענדערן, אַנטוויקלען. די נאַטור־וויסנשאַפט האָט דערוויזן, אַז די נאַטור אַנטוויקלט זיך; ניט ווי די רעליגיע האַלט, אַז די נאַטור איז ניט

ענדערונגסבאר. דער ווייסנשאפטלעכער געדאנק האט באוויזן, אז ס'זיינען דא ענדערונגען אין דער נאטור, וועלכע האבן באשטימטע סיבות און א באשטימטע אנטוויקלונג — דאס איז דער רעוואלוציאנערער געדאנק פון דארווינען. אין אמעריקע איז נאך ביז איצט כמעט פארבאטן צו לערנען דארוויניזם — די לערע וועגן עוואלוציע פון דער נאטור — אין וועלכער די ארטאדאקסן זעען אן אפיקורסישן געדאנק, וואס לייקנט די עקזיסטענץ פון גאט. אבער די אידייען פון דער עוואלוציע אין דער נאטור זיינען ביי דארווינען נאך ניט געווארן אידייען פון עוואלוציע אין דער מענטשלעכער געזעלשאפט. דאס האט דערוויזן און סיסטעמאטיזירט אין א פולער מאס מארקס. דאס איז דער צווייטער וויכטיקער געדאנק פון מארקסיזם — אז ס'זיינען דא ענדערונגען און אן אנטוויקלונג, אויך אין דער מענטשלעכער געזעלשאפט.

די צווייי געדאנקען: דאס באפרייען זיך פון דער אידיי וועגן אבסאלוטן כאראקטער פון דער עקזיסטירנדיקער ארדנונג, און דאס געפינען א טרעגער פאר דער צוקונפטיקער ארדנונג — וועלכע וואקסט אין דער געזעלשאפט — דאס זיינען די אידייען וועלכע האבן א שטויס געטאן דעם סאציאליזם אין א דריטער תקופה — אין א תקופה פון טאט. מיר לעבן איצט אין דער תקופה פון רעוואלוציע, פון דורכפירן דעם סאציאליזם אין לעבן, פון טאט. די טאט אן דער ווייסנשאפט האט ניט געקענט זיין, ווי ס'האט ניט געקענט זיין די ווייסנשאפט אן דער אוטאפיע — אן דער קריטיק (מאראלישער, לאגישער, עסטעטישער) און אן דעם אידעאל. דער סאציאליסטישער טאט איז די דריטע שטופע פון סאציאליזם, וועלכע שטיצט זיך און וואקסט ארויס פון די ערשטע צוויי.

מיר געפינען זיך אויף א שטופע ווען מיר קריטיקירן ניט צוליב קריטיק, לערנען ניט צוליב לערנען. מיר געפינען זיך אין א תקופה פון טאט, ווען מיר מוזן טאן, ווייל מיר האבן קיין ברירה ניט. און מיר, וואס לעבן אין אזא אכזריות'דיקער תקופה און זיינען די פארווירקלעכער, קענען זיך ניט באגיין אן לערנען, אן קענען די ווייסנשאפט, וועלכע איז א באדינג צו אונדזער קענען פארווירקלעכן. די באדינגונגען פארן טאט זיינען: די ש נ א ה צו דעם וואס עקזיסטירט, די ל י ב ע צו אונזער אידעאל און דאס ו ו י ס ן די וועגן און מעטאדן פון זיין פארווירקלעכונג. דערפאר איז די לערע פון אונדזער באוועגונג א טייל פון איר עצם וועג.

דאס זעלבע האבן מיר אויך אין ציוניזם: די קריטישע באציונג צו דעם, וואס יידן זענען בלויז א גייסטיק פאלק אן א געזונטן מאטעריעלן לעבן,

אן א לאנד. פון דאנען דרינגט דער אידעאל פון א זעלבשטענדיק יידיש לעבן אין א"י לויט אונדזער גייסט; דער אידעאל פון לעבן ווי א מענטש, זיין א מענטש אלס מענטש, אלס ייד, און ניט „א מענטש אין דרויסן און א ייד אין שטוב". די אלע קריטיקער פון דער שוואכקייט און געפאר פארן יידישן לעבן אין גלות זיינען אונדז נויטיק אלס לערער פון אונדזער שנאה צו דער אפהענגיקייט, וועלכע איז אויך מאראליש ניט גוט און עסטעטיש ניט שיין.

אויך דער אידעאל פון א יידיש־זעלבשטענדיקן לעבן אין א"י איז א טייל פו אונדזער לערע; אויך די, וואס האבן זיך באמיט צו פארשטיין די סיבות פון שלעכטן לעבן אין גלות און געזוכט וועגן פון פארווירקלעכן דעם אידעאל זיינען אונדזערע לערער. ערשט נאכן אנטשטיין פון דער דאזיקער לערע האט זיך אנגעהויבן דער טאט, דער קאמף פארן פארווירקלעכן. ביז איצט זיינען נאר פארווירקלעכט קערנדלעך, ווי די קערנדלעך פון דער סאציאליסטישער ארדנונג. אונדזער נאציאנאלע פארווירקלעכונג איז א טייל פון דער אלגעמיינער סאציאליסטישער פארווירקלעכונג פון דער מענטשהייט. אזוי ווי די אלטע געזעלשאפט, אזוי איז אויך אונדזער לעבן אין גלות אריין אין א שטופע פון ניט מעגלעכקייט צו עקזיסטירן. די מענטשהייט איז אריין אין א תקופה פון אומוואדפן די קאפיטאליסטישע וועלט און שאפן א נייע געזעלשאפט. אויך יידן זיינען אריין אין קאמף, וועלכער איז א לאנג־דויערנדער. דער סאציאליסטישער־ציוניזם איז א טייל פון דער סאציאליסטישער באוועגונג אין דער וועלט. די סאציאליסטישע באוועגונג איז ניט נאר אן ארבעטער באוועגונג, נאר א באפרייונגס־באוועגונג פון מענטשן: פון ארבעטער, פון אונטערדריקטער פרוי, פון עלנטן קינד, פון ראסן, פעלקער, און אויך פון יידן. דעריבער האבן מיר א חלק אין דעם אלגעמיינעם קאמף.

די ציוניסטיש־סאציאליסטישע באוועגונג איז א יורש פון די אלע דריי תקופות אין סאציאליזם; א יורש פון דעם גאנצן יידישן שאפן, פון דער גאנצער יידישער קולטור און איז פארבונדן מיט אן אלמענטשלעכער וועלט־אנשויאונג. אונדז איז נויטיק צו פארשטיין די וועלט און פארשטיין דאס יידישע פאלק, זיין זינען, זיין וועזן, זיין אינהאלט. זיכער זיינען דא קריטישע צייטן, ווען מען דארף גאנגיש אויפקלערן ציוניסטיש, ווען די מענטשן רייסן זיך אליין קיין ארץ־ישראל. אבער דאס זיינען נאר מינוטן, ווען עס ווערט זייער שארף און קלאר די נויטווענדיקייט פון גיין אויף דעם וועג. אין אזעלכע מינוטן וואקסן אויף פיל שטערונגען פאר אונדז. און דערפאר איז זייער וויכטיק, אז די באוועגונג זאל זיין ניט בלויז א סטיכישע, נאר זיך באזירן אויפן באוווסטזיין און דערציאונג. עס קען זיך ניט איינגעבן קיין טיפע

סאָציאַלע רעוואָלוציע, קיין ענדערונג פון דער געזעלשאַפט און מענטשן נאָר דורך אַן איינמאָליקן אַקט. דער אַקט איז זייער וויכטיק, אָבער די ענדערונגען קומען ניט מיט איין מאָל — זיי קומען אַלס רעזולטאַט פון אַ גרויסן פּראָצעס.

אונדזער באַוועגונג האָט נאָך ניט קיין באַדייטנדיקן פּאָליטישן כוח, זי מוז צו אים דערגיין דורך מענטשלעכן כוח. אָפט הויבט זיך אָן די אמתע אַרבעט פון דער רעוואָלוציע ערשט נאָכן פּאָליטישן זיג. דערפאַר זאָגן מיר, אַז אַ פּאָליטישע ענדערונג איז נאָך ניט גענוג פאַר דער אויסבילדונג פון אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג. דער מענטש איז קאָמפּליצירט, ער ווירקט און ווערט באַווירקט דורך פּאָליטיק, עקאָנאָמיק און דערציִונג. אין אונדזער באַוועגונג, וואָס האָט ניט קיין פּאָליטישע מאַכט, קיין מדינה, קיין פּאָליציי, און דאַרף דורכפירן אַ רעוואָלוציע — שפּילט די וויכטיקסטע ראָל דער מענטש — דער טרעגער פון אונדזער באַוועגונג — און פון אים איז אָפּהענגיק דער פּאָליטישער זיג. אַ מענטש ווערט איבערצייגט לויט זיינע אינטערעסן, פאַר אים איז דאָס וויכטיקסטע — זיין לעבנס-נויטווענדיקייט, אָבער ס'איז אויך וויכטיק ער זאָל קענען פילן און פאַרשטיין ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן זיין לעבנס-אינטערעס. אין אונדזער אידעאַל ליגן לעבנס-אינטערעסן פון מענטשן, אָבער זיין אינהאַלט איז אַן אינהאַלט פון יעדן יחיד, פון זיין דערציִונג, זיין לעבן, זיין טאָט. דאָס איז ניט קיין אוטאָפּיע. אונדזער צוקונפט איז די היסטאָריש-נויטווענדיקע ייִדישע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. דערפאַר איז אונדזער אידעאַל אַ רעאַליסטישער, אַ רעאַל-מעגלעכער. אָבער עס איז ניט גענוג צו וויסן און פאַרשטיין. מיר מוזן דערציִען יעדן מענטש צו אַזאַ פאָרם פון לעבן, וועלכע אַנטשפּרעכט אונדזער צוקונפט. אָן דעם קען אונדזער באַוועגונג ניט פאַרווירקלעכן. אויך די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט ניט קענען פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דורכן פּאָליטישן אַקט, זי וועט אויך מוזן דערציִען די מענטשן צו לעבן אין דער נייער געזעלשאַפט.

אונדזער וועג איז אַ היסטאָריש-באַשטימטער, אין וועלכן ס'מוז און ס'וועט גיין דאָס ייִדישע פאָלק. אין דעם וועג זיינען מיר אַ חלוצישע באַוועגונג אין וועלכער יעדער איינער פאַרווירקלעכט אַליין — סיי דעם סאָציאַליזם סיי דעם ציוניזם. מיר זיינען דער אַוואַנגאַרד, אָבער מיר זיינען ניט קיין סעקטע. מיר פירן מיט און דערציִען דאָס פאָלק. מיר זיינען די ערשטגייער פון אַ סטיכישער גרויסער באַוועגונג פון ייִדישן פאָלק. אונדזער וועלטאַנשויאונג איז ניט נאָר אַ פּאָליטישע באַוועגונג — כאָטש מיר האָבן אַ

פּאָליטישן צוועק. ווייל אונדזער צוועק איז ניט בלויז אַ פּאָליטישער, און עקאָנאָמישער, אָדער מאָראַלישער — אונדזער צוועק איז דאָס פּולע אויסלעבן זיך פון גאַנצן יידישן פאָלק. מיר, די חלוצישע באַוועגונג, שפּילן די ראָל ניט נאָר פון אַ פּאַרטיי, פון אַ קאָאָפּעראַטיוו, פון אַ שול. מיר זיינען אַ באַוועגונג, וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן. מיר זיינען מענטשן, וואָס קיין מענטשלעכע זאַך איז אונדז ניט פרעמד. און אַלץ וואָס מענטשלעך איז — דאַרף זיין ביי אונדז יידיש.

## דאָס פאַרשטיין געשיכטע

צו פאַרשטיין זיך און די וועלט דאַרפן מיר פאַרשטיין און לערנען די געשיכטע. יעדער דור איז ניט בלויז דער אַוואַנגאַרד פון דער צוקונפט, נאָר אויך אַ יורש פון דער פאַרגאַנגענהייט; אַזוי איז ביי יעדן פאָלק, און אויך ביי אונדז. קיין שום דור הויבט ניט אָן אַלץ פונדאָסטיי. אויך מיר, כדי צו פאַרשטיין אונדזער איצטיקע לאַגע, דאַרפן ניט אָנהויבן פון סניי ווי אויף אַ חייִנעם טאָוול. דער טאָוול איז אַ געשריבענער. מיר דאַרפן פריער לערנען געשיכטע און ערשט אויף איר יסוד אַריינשרייבן אונדזערס. די געשיכטע העלפט צו דערקלערן די קעגנוואַרט און באַשטימען אַ פּראָגראַם פאַר דער צוקונפט.

מ׳דאַרף אַנאַליזירן און כאַראַקטעריזירן די יידישע געשיכטע. זי איז ניט געלערנט געוואָרן געהעריג קיין מאָל און איבערהויפּט איצט. די געשיכטע פאַרשטייט מען פאַרשידן. אָבער מ׳דאַרף זי קודם כל קענען. און אַז מען קען זי, קען מען זי פאַרשידן, לויט דעם ווי מען פאַרשטייט זי. וויסן אַ זאַך איז — וויסן די זאַך אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנדערע זאַכן אין דער וועלט. דאָס הייסט פאַרשטיין. אַ זאַך וואָס מען זעט און מ׳ווייס ניט צו דערקלערן וואָס זי איז — פאַרשטייט מען ניט. פאַרשטיין מוז מען דעם צוזאַמענהאַנג פון דער זאַך מיט אַנדערע — דערפאַר קען מען די געשיכטע פאַרשטיין פאַרשידן. דער סאָציאַליזם האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו פאַרשטיין אויף ס׳ניי די מענטשלעכע געשיכטע. און ס׳איז געווען זייער וויכטיק, וואָס מאַרקס האָט אַריינגעבראַכט דעם באַגריף, אַז עס איז דאָ אַן אַנטוויקלונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אַז זי איז ניט קיין ריי צופאַלן, נעמען, דאַטן — נאָר איינס וואַקסט אַרויס פון צווייטן, איין תקופה — פון דער צווייטער; און דאָס וואָס מיר האָבן איצט איז אַ רעזולטאַט פון אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. די טעאָלאָגן פלעגן זאָגן, אַז די געשיכטע קען מען ניט פאַרשטיין, ווייל גאָט איז אומפאַר־

שטענדלעך פאַרן מענטשן. אויך די רעליגיעזע קולטור לערנט געשיכטע, אָבער זי דערציילט נאָר און דערקלערט נישט פאַרוואָס איז געווען די אָדער יענע דערשיינונג. מיר באַווייזן ניט אַלעמאָל צו פאַרשטיין, אָבער מיר דאַרפן זיך מיט אונדזער שכל באַמיען צו פאַרשטיין די אַלע זאַכן וואָס זענען אונז אומקלאָר. די שוואַכקייט פון מענטשן באַשטייט אין דעם, וואָס ער פאַרשטייט ניט — ווייל אַז פאַרשטיין קען ער ניט ענדערן, קען ער ניט ווירקן. דאָס מענטשלעכע באַשטייט אין דעם פאַרשטיין זאַכן. דער געדאַנק אַז ס'זענען דאָ זאַכן, וואָס מען קען ניט און מען דאַרף אויסמיידן צו פרוון פאַרשטיין, — איז אַ פאָרם פון מענטשלעכער שוואַכקייט, פון אומבאַהאָלפנקייט.

דאָס ווייסן איז אומבאַגרענעצט, ווי אומבאַגרענעצט ס'איז די וועלט, די מאַטעריע, אָבער אַלעמאָל דאַרף מען וועלן און באַמיען זיך צו פאַרשטיין דעם אמת. ס'איז אפשר לייכטער צו זאָגן אַז מ'פאַרשטייט ניט אַ זאַך, וועלכע מען וויל ניט איבערמאַכן, אָבער דאָס איז אַן אַנטלויפן פון מענטשלעכן געוויסן.

אין לעבן פון יידישן פאָלק האָט די רעליגיע געשפּילט אַ סך אַ גרעסערע ראָל ווי ביי אַנדערע פעלקער, ווייל מיר האָבן ניט געהאַט קיין אַנדערע געביטן, אין וועלכע מיר זאָלן זיך קענען אויסלעבן — ניט קיין מדינה, ניט קיין שפּראַך. מען קען גאָרניט פאַרשטיין די יידן און זייער געשיכטע, ניט קומענדיק אין באַרירונג מיט זייער רעליגיע, ניט לערנענדיק און פאַרשטייענדיק זי.

ווען דער סאָציאַליזם איז אַריבערגעגאַנגען באַוווסטזיניק צו באַגרינדן זיך אַלס וויסנשאַפט האָט ער געמוזט — און געטאָן עס אין אַ געוויסער מאָס — פאַרשטיין און באַאַרבעטן די געשיכטע אַלס געשיכטע פון אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. מיר האָבן נאָך ניט קיין פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע באַאַרבעטונג פון דער גאַנצער געשיכטע. אין משך פון טויזנטער יאָרן האָט די רעליגיע זיך פאַרנומען מיט לערנען געשיכטע און דערפאַר זענען ביז איצט פיל פאַקטן איבערגעגעבן אין אַ ניט ריכטיקער ליכט, ווייל געשיכטע איז אויך זכרון און דאָס איז אָפּהענגיק פון דעם, וו אָ ס מען וויל געדענקען און ו י מען וויל עס געדענקען. געווים, גרויסע זאַכן בלייבן, פּיראַמידן איז שווער אָפּצומעקן, דאָס אַליין הייסט אַז די געשיכטע באַשטייט פון פאַקטן. אָבער די פאַקטן דאַרף מען פאַרשטיין און קאָמענטירן. צום ביישפּיל: אַזאַ אויפשטאַנד ווי ספּאַרטאַקוסעס איז אַ פאַקט, אָבער דאָס דערקלערן פאַרוואָס דער אויפשטאַנד איז אויפגעקומען, פאַרוואָס ער איז געפאַלן, וואָס פאַראַ כאַראַקטער דער פאַקט האָט געטראָגן, אַ פּאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון, וואָס איז זיין באַדייטונג —

וועט ביי פארשידענע מענטשן, אָפּהענגיק פון זייערע אַנשויאונגען און אָפּשטאַמונג, זיין פארשידן.

יעדער דור דארף איבעראַרבעטן די געשיכטע. דער סאָציאַליזם מיט זיין נייעם צוגאַנג מוז אויך לערנען די געשיכטע — די גאַנצע געשיכטע, נישט נאָר די צייטן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. יעדער יידישער דור האָט געשריבן נייע פּירושים צום תנ"ך. מען זאָגט, אז יידן האָבן אַ טאַלאַנט, אַ פעאיקייט צו לערנען און פארשטיין געשיכטע. אויך מיר, ציוניסטן־סאָציאַליסטן, האָבן געדאַרפט לערנען די יידישע געשיכטע פונדאַסניי.

אין יידישן קולטורעלן לעבן איז דאָ אַ דערשיינונג — גניזה (באַהעלטעניש). פיל פון יידישן שאפן האָט מען, נאָכן אַרויסטרייבן זיי פון לאַנד, קאָנצענטרירט, אָבער פיל זאַכן האָבן יידישע געשיכטלעכע אַרייִנגעלייגט אין גניזה האַלטנדיק, אַז דאָס זענען זאַכן, וואָס זענען נישט נויטיק צו וויסן פארן פאָלק. מען האָט זיי נישט פארגעסן, נאָר גוט באַהאַלטן. גניזה אַלס דערשיינונג עקזיסטירט אייביק, אויך היינט.

נאָכן חורבן פון בית המקדש האָבן זיך די יידן נישט געקענט פולשטענדיק אויסלעבן רעליגיעז. שפּעטער איז פארגעקומען אַן אויפשטאַנד וועלכן ס'האָבן אָרגאַניזירט דער רעליגיעזער פירער רבי עקיבא און בר־כוכבא. פארן אויפשטאַנד זענען ביי יידן געווען גרויסע ויכוחים צי איז ער צוועקמעסיק. און גראָד די רעליגיעזע פירער, דער פארמעגלעכער טייל פון דער באַפעלקערונג — איז געווען קעגן אויפשטאַנד. זיי זענען שוין געווען אַנגעלערנט דורך דער רוימישער אימפעריע, וועלכע איז אַלץ געגאַנגען צו נייע זיגן אין קאַמף פאַר באַהערשן די וועלט. רב עקיבא איז געווען דער גייסטיקער פירער פון פאָלק און נאָך דעם, ווי די רוימער האָבן פארווערט צו לערנען תורה, איז ער צוגעשטאַנען צום אויפשטאַנד. עס זענען אָבער אויך געווען פיל קעגנער. און אין דער יידישער געשיכטע האָט אָנגעהויבן הערשן אַ מיינונג וועמענס אויסדריקער עס איז געווען רבי יוחנן בן זכאי. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דארף זיך ראַטעווען גייסטיק, מ'דארף ראַטעווען די יידישע אייִנגנאַרטיקייט, די יידישע קולטור. אין די טעג פון בלוטיקן אויפשטאַנד איז יוחנן בן זכאי אַרויס פון ירושלים, געמאַכט שלום מיט די רוימער און געקראָגן פאַר דעם יבנה. נישט דאָס גאַנצע רעליגיעזע יידנטום איז געווען קעגן אויפשטאַנד, ווייל רבי עקיבא איז געווען געליבט און געשעצט דורכן פאָלק. דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא און רבי עקיבא איז געווען זייער אַ שטאַרקער, מען האָט פאַריאָגט די רוימער און צוויי יאָר האָבן די יידן געהערשט

איבער א גרויסן טייל פון לאנד. שפּעטער אָבער האָט דער אויפשטאַנד געליטן א מפּלה, מען האָט יידן מאַסנווייז אַנגעהויבן פאַרטרייבן פון לאַנד. רבי עקיבא האָט מען עפּנטלעך אָפּגעשונדן די הויט. אויך פיל אַנדערע קעמפער האָבן זייער טראַגיש געענדיקט. די יידישע רעליגיע האָט מען זייער גערודפט.

עס זענען ניט געבליבן פיל מאַטעריאַלן פון בר־כוכבא־אויפשטאַנד און ניט בערפאַר, ווייל די רוימער האָבן דאָס פאַרניכטעט, נאָר ווייל בר־כוכבא'ן האָט מען אַריינגעלייגט אין גניזה (מען רופט אים אפילו אין א טייל ווערק בר־כוזיבא) — כאָטש דער אויפשטאַנד איז געווען א העלדישער און דרייסטער מיט פיל אויסגעשולט מיליטער; אפשר נאָך שטאַרקער ווי דער חשמונאים־אויפשטאַנד. פונדעסטוועגן, אויב מיר האָבן עפּעס מאַטעריאַלן פון בר־כוכבא — איז עס פון רוימישע קוועלן. אַזוי האָט מען געקוקט אויף בר־כוכבא, אַזאַ קוק האָבן אויף אים געהאַט די רעליגיעזע יידן. דאָס באַווייזט, אַז די גניזה פאַרנעפּלט די געשיכטע און גיט ניט קיין ריכטיק בילד פון איר. מיר מוזן אויפסניי לערנען די יידישע געשיכטע און אויף א נייעם אופן זי פאַרשטיין.

פאַרשידענע מענטשן האָבן באַשריבן די יידישע געשיכטע. עס האָט זי געשריבן דער רעליגיעזער יעבץ, ס'האָט זי געשריבן גרעץ, דובנאָוו א. א. זייערע ווערק, כאָטש זיי באַרירן די זעלבע טעמעס, זענען פונדעסטוועגן פאַרשידן. גרעץ האָט געשריבן אַנדערש ווי יעבץ — ניט רעליגיעז און מיט א גלויבן אין דער עמאַנציפּאַציע און דער צעזייאונג פון יידישן פאָלק. און אַנדערש האָט געשריבן דובנאָוו. די זעלבע מאַטעריאַלן, די זעלבע טעמעס, דער זעלבער אָביעקט פון לערנען — און פונדעסטוועגן זענען דאָס דריי געשיכטעס. דובנאָווס געשיכטע איז ניט קיין ציוניסטישע. מ'זעט דאָס פון דעם, וואָס פאַרא פאַקטן ער האָט געהאַלטן פאַר וויכטיקע, וועלכע פאַר ווייניקער וויכטיקע א. א. וו. נחמן סירקין האָט געשריבן א סך וועגן יידישער געשיכטע, ער האָט אָנגעשריבן א ריי אַר־טיקלען צו דערקלערן די געשיכטע. דינאַבורג, וועלכער האָט אַן אַנדער וועלט־אַנשויונג, האָט באַאַרבעט אויף זיין שטייגער די געשיכטע, געבנדיק נאָר „מאַ־טעריאַלן פאַר דער געשיכטע", געשריבן אין דער פאָרם פון אַריינפיר־אַרטיקלען.

מיר ווילן פעסטלייגן די יסודות פון אונדזער באַוועגונג. צו דעם מוזן מיר פאַרשטיין אַז מיר זענען א פּראָדוקט פון דער יידישער געשיכטע. מיר זעען די יידישע געשיכטע צעטיילט אויף עפּאָכן — לויט דער לאַגע פון יידן אַלס פאָלק. עס איז דאָ אַן עפּאָכע, ווען די יידן האָבן זיך אויסגעלעבט אַלס פאָלק אין ארץ־ישראל, ווען מיר האָבן געלעבט אין לאַנד — געווירקט און באַווירקט געוואָרן

דורך איר. לויט דער געשיכטע דאַרפֿן מיר הייסן ישראל, ווייל מיר זענען די פֿאָרזעצונג פֿון דעם פֿאָלק וואָס האָט געלעבט אין ארץ־ישראל. דאָס יידישע פֿאָלק איז נאָך טויזנט יאָר אַנטוויקלונג אַנטשטאַנען אַלס פֿאָלק אין ארץ־ישראל און מיר זענען דאָס איינציקע פֿאָלק וואָס דאָס לאַנד האָט אַרויסגעגעבן, כאָטש פֿיל פֿעלקער האָבן געוואַנדערט דורך דעם לאַנד. כמעט אַלע פֿעלקער וואָס האָבן געשטרעבט צו וועלט־הערשונג זענען אַדורך ארץ־ישראל: גריכן, רוימער — אויפֿן וועג קיין מצרים, די אַראַבער, ענגלאַנד. דורכגייענדיק האָבן זיי אַלעמאָל געלאָזן אַ טייל פֿון זיך. גאַנץ מעגלעך אַז מיר שטאַמען פֿון אַזעלכע דורכגייענ־דיקע דורכן לאַנד שבטים, אָבער מיר, די איינציקע, זענען דאָרט פֿון אַ שבט געוואָרן אַ פֿאָלק. אין ארץ־ישראל איז געשאַפֿן געוואָרן אונדזער שפּראַך, אונדזער אייגנאַרטיקייט, אונדזער רעליגיע, קולטור, געזעצגעבונג, אונדזער מדינה. דאָס איז דער ערשטער פּעריאָד פֿון אונדזער געשיכטע.

דער צווייטער פּעריאָד — איז די געשיכטע נאָכן פֿאַרלירן די זעלבסשטענ־דיקייט, ווען דאָס פֿאָלק אַלס גאַנצעס האָט ניט געלעבט אין ארץ־ישראל און יידן זענען דאָרט מער ניט געווען די מערהייט; דער פּעריאָד פֿון גלות פֿון יידישן פֿאָלק, גלות פֿון יידישן לאַנד, גלות פֿון דער יידישער שכינה; יידן צווישן פֿאַר־שידענע פֿעלקער, אונטער פֿאַרשידענע ווירקונגען, צעזייט און צעשפּרייט, ביי פֿאַרשידענע אָרדנונגען, מיט פֿאַרשידענע שפּראַכן און פּרנסות — זענען אונטער־געגעבן די זעלבע געזעצן, האָבן דעם זעלבן גורל פֿון קומען אין אַ לאַנד, ווערן דאָרט בירגער, שאַפֿן מיטן פֿאָלק צוזאַמען און ווידער אַרויסגיין און ווידער וואַנדערן. אָבער אויך אין אַזאַ צייט לעבט אַ יידיש פֿאָלק, וועלכן ס'בינדט דער יידישער גורל. אויב אין ערשטן פּעריאָד האָבן יידן געהאַט אַ טעריטאָריע, קולטורעלע און, צייטנווייז, פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט — איז דאָס אין צווייטן פּעריאָד — אָן זעלבשטענדיקייט — דער צושטאַנד פֿון לעבן פֿון גאַנצן פֿאָלק שטענדיק אָן ענלעכער און קיין מאָל ניט קיין וועג צו זעלבשטענדיקייט. גלות איז אַ צושטאַנד וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אַ שטענדיקן קריזיס פֿון עקזיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק — אַ צושטאַנד אין וועלכן יידן האָבן נאָר געקענט לעבן, ווייל אַ קריזיס אין איין אָרט האָט יידן אַריבערגעטראָגן אין אַ צווייט אָרט.

יידן זענען געווען אַ וועלט־פֿאָלק; זיי האָבן צוגעפּאַסט זייער אייגנאַרטיקן לעבן אויף אַן אייגנאַרטיקן אופֿן צום לעבן צווישן פֿעלקער און זיין זיי נוצלעך. אין דעם לעצטן פּעריאָד אָבער, ווען די צופּאַסונג פֿון יידן צום גלות האָט אויפֿ־געהערט מעגלעך צו זיין, האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלוציע אין יידישן וועג

און אין יידישן געדאַנק. ס'איז געקומען אַ פּעריאָד אין וועלכן עס איז ניט מעגלעך פאַרצוזעצן דעם יידישן גלות־לעבן. דאָס יידישע לעבן שטייט אין אַ געפאַר, וואָס איז אין די לעצטע פופציק יאָר געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל.

אָבער דער געדאַנק, דער אַנאַליז וואָס קען אויך פאַרויסזען, האָט נאָך פאַרן קריזיס אים פאָרויסגעזען. דער פּעריאָד איז פאַרבונדן מיט דער צעשטערונג פון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפט, פון איר פאָרם פון לעבן און פּריוואַט־אייגנטום. דער פּעריאָד הויבט זיך אָן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דער נייער קלאַס — דאָס בירגערטום — האָט שוין ביי זיין אויפשטייג געטראָגן דעם אָנהויב פון זיין דערשיטערונג. געדאַנקען, אידייען, קלאַסן־באַוועגונגען האָבן אָנגעזאָגט זיין אומקום. עס זענען באַלד אַנטשטאַנען אין אים קעגנזאַצן און ווידערשפּרוכן, וואָס טראָגן אין זיך די קערנער פון דער נייער סאָציאַלער רעוואָלוציע. און אין אָט דער צייט ווערט די לאַגע פון יידישן לעבן געענדערט. כאָטש מיר בלייבן אין גלות, ווערט דערשיטערט דער כאַראַקטער פון יידישן לעבן פאַר די לעצטע 1700 יאָר. עס שטעלט זיך אַ פראַגע־צייכן אויפן גאַנצן יידישן לעבן מיט זיין אייגנאַרטיקייט.

ביז דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג האָבן אַלע פעלקער געלעבט אָפּגעזונדערט, ניט געמישט. מענטשן פון דעם זעלבן אָרט שטייגער־לעבן זענען געווען צוזאַמען און באַזונדער פון אַנדערע. אַזוי האָבן זיך אויך יידן געהאַלטן צוזאַמען — אין אַ געטאָ, אין אַ פרעמדער שטאָט. דער אַנטוויקלטער קאַפּיטאַליזם האָט פאַרניכטעט די ירושה־קלאַסן, אינדוסטריאַליזירט דאָס לעבן, אַטאָמיזירט די געזעלשאַפט, צעטיילט די מענטשן זיי זאָלן לעבן אַלס איינצלנע. ער האָט פּראָקלאַמירט די געזעלשאַפט פון קאָנקורענץ (די גלייכע רעכט פון אַלע מענטשן נאָר אין פּאָליטישן זין אָבער אָן אַן עקאָנאָמישער גלייכהייט), ווו יעדער מענטש קעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ קעגן אַנדערע מענטשן. דאָרט, ווו דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך ניט אַנטוויקלט און מענטשן זענען נאָך ניט אין אַ געזונדער מאָס אינדיווידואַליסטיש, עקזיסטירט נאָך היינט און איז נאַטירלעך די געטאָ־צעטיילונג.

## די פונקציעס פון יידן אין גלות

די יידן האָבן געלעבט צוויי טויזנט יאָר אין גלות און האָבן אויסגעפילט עקאָנאָמישע פונקציעס אינערהאַלב די פעלקער צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט. אַלס אַן אייגנאַרטיק און ספּעציפיש פאָלק האָבן די יידן דערפילט נויטיקע

פונקציעס, וועלכע האָבן געבראַכט נוצן אַנדערע. אָבער היינט ווען מען נעמט, למשל, מיט איין מאָל צו אַלע יידן פון דייטשלאַנד, וואָלט זיך גאָרנישט גע־ענדערט, ווייל יידן פילן דאָ ניט אויס קיין שום נויטיקע פונקציעס. פונקט פאַר־קערט איז געווען דאָס יידישע לעבן אין גלות ביז איצט. און ס'האָט געמוזט אַזוי זיין, ווייל, ווען די יידן וואָלטן ניט אויסגעפילט קיין נויטווענדיקע פונק־ציעס, וואָלט מען זיי ניט געדולדעט. די יידן האָבן דערפילט אַזעלכע פונקציעס, וועלכע די באַפעלקערונג אַליין האָט ניט אויסגעפילט. די באַפעלקערונג וואָלט אייגנטלעך אַליין אויך דערגאַנגען צום דערפילן די פונקציעס, אָבער דאָס הייסט ניט אַז די יידן האָבן ניט געבראַכט קיין נוצן. יידן האָבן געהאָלפן דער אַנט־וויקלונג, זיי האָבן דערפילט אַן אַנטוויקלונגס־פונקציע, זיי זענען געווען אַ פאַקטאָר, אַ קאַטאַליזאַטאָר אין דער אַנטוויקלונג. אומעטום וווּ זיי זענען גע־קומען, האָבן זיי געבראַכט עפּעס מיט זיך. די יידן האָבן געשפּילט אַ ראָל פון פאַרמיטלער — אַלע זייערע פאַכן זענען געווען פאַרמיטלעריש. דאָס איז אויך אַ נויטיקע פונקציע, זי ברענגט נוצן דער געזעלשאַפט און אַנטוויקלט זי, זי הויבט דעם לעבנס־ניוואָ פון די מענטשן אין לאַנד. דאָס איז דער אַלגעמיינער שטריך פון יידישן לעבן אין גלות.

יידן האָבן אָבער ניט געשאַפן קיין נייע מאַטעריעלע ווערטן, קיין נייע מעגלעכקייטן פאַר דער עקזיסטענץ פון מענטשן. שאַפן ווערטן — דאָס הייסט פאַרוואַנדלען אומנוצלעכע זאַכן אין נוצלעכע. שאַפן ווערטן קען מען נאָר פון מאַטעריעלעס, פון דעם, וואָס שטאַמט פון דער ערד. שאַפן ווערטן — דאָס הייסט קאָלאָניזירן, צופּאַסן דאָס לאַנד עס זאָל נוצן מענטשן, עס זאָל זיי דער־מעגלעכן דאָס פיזישע לעבן, דאָס הייסט שאַפן מאַטעריעלע באַדינגונגען. שאַפן נייע מאַטעריעלע ווערטן קען מען נאָר דאַן, ווען מען הערשט איבער דער מאַטעריע; דערפאַר זיינען יידן ניט געווען אימשטאַנד צו שאַפן ווערטן, ווייל זיי האָבן די דאָזיקע הערשאַפט ניט געהאַט.

דאָס האָבן יידן געטאָן נאָר אין איין לאַנד, נאָר אין ארץ־ישראל. זיי האָבן פון אַ לאַנד וואָס האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן אַ סך מענטשן געמאַכט אַ לאַנד, וווּ עס קענען וווינען זייער פיל מענטשן, האָבנדיק פון וואָס צו לעבן. אין אַנדערע לענדער — ניט. אין אַלע אַנדערע לענדער האָבן זיי נאָר באַארבעט און פונאַנדערגעטיילט שוין געשאַפענע ווערטן. יידן האָבן אויסגעפילט פאַרמיט־לערישע און צוגאָב־פּראָדוציר־פונקציעס ניט דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך דאָס אויסגעקליבן, און ניט דערפאַר ווייל דאָס דרינגט אַרויס פון זייער נאַטור, נאָר

דערפאר, ווייל זיי האבן ניט געהאט קיין אנדער ברירה, זיי זענען געווען געצוווּנגען צו דעם. זיי האבן געשאפן צוגאבלעכע אנטוויקלונג, אבער ניט קאלאניזאציע. און אויף וויפיל עס זענען געווען ביי יידן פעיקע פארמיטלער, האבן זיי אנטוויקלט די דאזיקע פונקציעס און די פארבונדענע מיט דעם אייגנשאפטן. וועלן פעלקער בלייבן אז יידן — וועלן זיי ביי זיך זעלבסט אנטוויקלען פארמיטלערס, גוטע און שלעכטע, מער ארנטלעכע און ספעקולאנטן — אזוי ווי עס איז געווען ביי יידן.

אין מיטלאלטער האט יעדע שיכט געהאט אירע עקאנאמיש־פאליטישע רעכט און איר ארגאניזאציע, דאס האט אויך געפירט צו דעם, אז יידן זענען געווען אפגעזונדערט און האבן געבילדעט א באזונדערן שטאנד. אויך אין די געשלאסענע צעכן האבן זיי קיין צוטריט ניט געהאט. דער קאפיטאליזם האט אפגעשאפן די באזונדערקייט פון שטאנדן־רעכט און פליכטן, און אין דעם זין האט ער געמאכט אלע מענטשן גלייך. דאס איז ניט קיין ווירקלעכע גלייכהייט, ווייל זי באזירט זיך ניט אויף דער גלייכהייט פון באזיץ, אבער דאס איז געווען אן אנולירונג פון דער אפגעזונדערטקייט פון מענטשן. אזוי, אז פארמעל זענען יידן אויך געווארן גלייכבארעכטיקט מיט אלעמען.

אין דער תקופה איז דער אייגנציקער געזעץ פון באציונגען צווישן מענטשן געווען די אומבאגרענעצטע קאנקורענץ. די זארג פאר עקזיסטענץ איז איבערגעלאזן געווארן יעדן אייצלנעם מענטשן באזונדער. מיט דעם האט דאס יידישע פאלק פארלארן זיין גאנצקייט און דער גלות האט אויפגעהערט צו זיין פאר יידן א פעלד פון צופאסונגס־מעגלעכקייטן. עס איז אונטערגעגראבן געווארן די ספעציפישקייט פון יידישן לעבן אין גלות. עס זענען אויפגעמאכט געווארן די טויערן פון יידישע פרנסות פאר אנדערע. דער גלות האט זיך א וואקל געטאן אונטער די פיס פון די יידן, ספעציעל אין די לעצטע פופציק יאר. און נאך די לעצטע זעקס—צען יאר שטייען מיר פאר דער ליקווידאציע, פאר דער אוממעגלעכקייט צו לעבן אין גלות.

אלס רעזולטאט פון געדאנק, אז יידן האבן גלייכע רעכט, איז געקומען די אידיי פון עמאנסיפאציע ביי יידן. מיט דער צעשטערונג פון גלות, פון דער עקזיסטענץ פון יידישן פאלק צווישן אנדערע פעלקער — איז אנטשטאנען דער געדאנק פון אסימילאציע. אזוי לאנג ווי ס'איז געווען א שטאנדן־ארדנונג, מיט פארשידענע רעכט פאר באזונדערע גרופן מענטשן, איז אויך געווען א באגרינדונג פאר דער יידישער באזונדערקייט און גאנצקייט. מיט דער עמאנסיפאציע

איז די ייִדישע באַזונדערקייט און גאַנצקייט אונטערגראָבן געוואָרן און אוועקגעשטעלט געוואָרן אונטער אַ פֿראַגע־צייכן. דער ייִדישער געדאַנק האָט זיך אַנטוויקלט אין צוויי ריכטונגען: 1) זעלבשטענדיקייט פֿון ייִדן; 2) ליקווידאַציע פֿון ייִדן סײַ אַלס פֿאָלק, סײַ אַלס רעליגיע.

# אַסימילאַציע

אַסימילאַטאָרישע געדאַנקען בײַ ייִדן, אַז ייִדן דאַרפֿן ניט אָדער קענען ניט עקזיסטירן אַלס נאַציע; אַז זיי דאַרפֿן, אָדער מוזן אונטערגיין — קומען אויף ניט נאָר אין די צײַטן פֿון עמאַנסיפּאַציע, זיי קומען אויף מיט הונדערטער יאָרן פֿריער, כאָטש זיי האָבן ניט אַזאַ באַדײַטונג ווי אין יענער צײַט. אַזעלכע געדאַנקען קומען שוין אויף אַפֿילו אין די צײַטן פֿון דער העלענישער קולטור. אין דעם דאַרף מען זיך געניו פֿונאַנדערקלײַבן. ווײַל ניט פּשוט איז דער געדאַנק, ווײַל ניט שטענדיק איז אַן אַסימילאַטאָר אַ רעאַקציאָנער, ווײַל אויך קאָמוניסטן קענען זײַן אַסימילאַטאָרן, ווײַל אַסימילאַטאָרן זענען אָפֿט ליבעראַלן, ווײַל אויך אַסימילאַטאָרן פֿאָדערן גלײַכהייט.

די קלאַסישע אַסימילאַציע איז געבאָרן געוואָרן מיט דעם ליבעראַליזם. שוין אויף דער ערשטער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג אין דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע איז דעקלאַרירט געוואָרן, אַז די ייִדן אַלס פֿאָלק קען מען גאָרניט געבן, און אַלס מענטשן קומט זיי דאָס זעלבע, וואָס אַלע אַנדערע.

אויב דער געדאַנק פֿון ליבעראַליזם איז געווען מענטש, טראָגט דער קאָמוניזם אַרײַן מער רעכט פֿאַר דער נאַציע צום לעבן. ער זעט די פֿרײַהייט ניט אין אונטערגאַנג פֿון נאַציעס, נאָר אין פֿאַרברידערונג פֿון פֿעלקער: — אין אינהאַלט אַ קאָמוניסטישע, אין פֿאָרם אַ נאַציאָנאַלע. אַזוי ווײַל דער קאָמוניזם לייזן דעם פּראָבלעם פֿון נאַציעס. וועלכער איז אַ מיטל פֿאַר דער רעאַקציע אַרויסצורופֿן מלחמות.

אין אָנהויב זענען קאָמוניסטן געווען קאָסמאָפּאָליטן. הײַנט איז דער קאָמוניזם און סאָציאַליזם מער נאַציאָנאַליסטיש ווי דער ליבעראַליזם אין זײַן אָנפֿאַנג. דער קאָמוניזם רעדט ניט מער וועגן אונטערגאַנג פֿון נאַציעס, נאָר וועגן זייער פֿאַרברידערונג. ער איז ניט מער קאָסמאָפּאָליטיש, נאָר אינטערנאַציאָנאַ־

ליסטיש. אָבער די קאָמוניסטישע אַסימילאַטאָרן, וועלכע האַלטן זיך פאַר די ערנסטסטע יידן־אַסימילאַטאָרן, טראָגנדיק דעם געדאַנק פון פרייער נאַציאָנאַלער אויסלעבונג בנוגע אַנדערע — פאַרלייקענען די רעכט דערצו פאַר יידן. אָנגעהויבן האָט זיך פון דעם, וואָס מען פאַרלייקנט, אַז יידן זענען אַ פאָלק. מען האַלט זיי בלויז פאַר אַ רעליגיעזע עדה, פאַר אַ היסטאָרישן פאַקט, און אויב זיי האָבן עפּעס אייגנאַרטיקס — איז דאָס נאָר רעליגיעז, ניט נאַציאָנאַל, און איז פאַראורטיילט צו אונטערגאַנג.

איך וויל אייך דערציילן וועגן משה מענדעלסאָן. ער איז געווען אַ גרויסער מענטש, אַ גרויסער קענער. ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין דער ליטעראַטור. ער איז ניט אָוועקגעגאַנגען פון יידנטום. ער האָט איבערזעצט דעם תנ"ך אויף אַ וויסנשאַפטלעכן אופן. מענדעלסאָן האָט געלעבט פאַר דער בירגערלעכער רעוואָלוציע, אין איין צייט מיט אירע גייסטיקע פאָרגייער. זי האָט לויט זיי געדאַרפט זיין אַ מענטשלעכע רעוואָלוציע, ניט קיין בירגערלעכע בלויז. אַ רעוואָלוציע, וועלכע זאָל פאַרווירקלעכן די שענסטע אַלמענטשלעכע אידעאַלן.

מענדעלסאָנס פאָטער — מענדל פון דעסאַו — איז געווען אַ סוחר. משה מענדעלסאָן האָט געלערנט ביי אים, שפּעטער ביי דעם רב פרענקעל. צו 14 יאָר איז ער אָוועק קיין בערלין ווייטער צו לערנען. אין דייטשלאַנד זענען דאַן געווען פיל מדינות, וועלכע האָבן זיך פאַרשידן באַצויגן צו יידן. אָבער אַלע האָבן זיי די יידן אונטערדריקט. מענדעלסאָן האָט זיך אין בערלין אָנגעהויבן לערנען. ער איז געווען אַ הויקערדיקער, אַן אָרעמער, ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונגען, און אַלץ, צו וואָס ער האָט זיך דערשלאָגן, איז אויסשליסלעך אַ דאַנק זיין גייסטיקן כוח. מענדעלסאָן האָט זיך באַפריינדעט מיט לעסינג, וועלכער האָט אים אָנגערופן „דער צווייטער שפּינאָזאַ", ווייל ער האָט געפילט אין אים אַ גרויסן כוח פון פילאָזאָפישן דענקען. מענדעלסאָן איז דורך לעסינגען אַרייַנגעפירט געוואָרן אין דער דייטשער געזעלשאַפט. לעסינג האָט מיט מענדעלסאָנס הסכמה אָפּגעדרוקט זייערע שמועסן אַלס בוך „פילאָזאָפישע שמועסן". דאָס בוך האָט באַוווסט געמאַכט מענדעלסאָנען. דאָס בוך האָט געוואָלט אָנווייזן אויף דער באַדייטונג פון דייטשן אין דער פילאָזאָפיע און האָט באַקעמפט די פראַנצויזישע ווירקונג אין דייטשלאַנד. מענדעלסאָן איז געווען קאָסמאָפּאָליטיש אין זיין דענקען. ער האָט געשריבן קעגן וואָלטערן. אין אַ בוך „פעדאָן" (אַ געשפּרעך צווישן סאָקראַטעסן און פעדאָנען) האָט ער באַרירט די פראַגע פון אומשטערבלעכקייט פון דער מענטשלעכער נשמה. ער האָט געהאַלטן אַז עס איז דאָ אַזאַ אומשטערבלעכקייט און

האט זי פארבונדן מיט א מין גאטהייט — אין דעם איז באשטאנען זיין קאמף קעגן וואלטערן. ער האט פארטיידיקט די גאטהייט ניט אלס טעאלאג, נאר אלס דענקער, פילאזאף. דאס בוך האט געמאכט א גרויסן רושם. שרייבנדיק וועגן גאטהייט, נשמה א. ד. ג. האט אבער מענדעלסאן געקעמפט פאר דער גייס־טיקער נאציאנאלער באפרייאונג פון דייטשן. יידן דאקעגן, האט ער באגריפן אלס רעליגיע, ניט אלס פאלק. מען זאגט, אז ער האט אפגעהיט אלע מצוות און דינים פון דער יידישער רעליגיע, אבער אלע זיינע תלמידים און זיין גאנצע משפחה האט געענדיקט מיט שמד.

עס איז ניט קיין צווייפל אז דאס פארלירן די פארבינדונג מיטן יידישן פאלק שטייט אין אן ענגען צוזאמענהאנג מיטן נעגירן דאס יידישע פאלק. מענ־דעלסאן איז געווען רעליגיעז און האט אפילו איין מאל פארטיידיקט עפנטלעך דאס יידישע גלויבן, ווען א דייטשער גייסטלעכער האט אים פראוואצירט צו דעם. זיינע געדאנקן אבער, זיין אפלייקענען דאס יידישע פאלק האט געבראכט שפעטער צום אוועקגיין פון יידישן פאלק, צו דער רעפארמאציע פון דער רעליגיע אין דער ריכטונג, אז יידן זאלן זיך ניט אונטערשיידן פון אנדערע פעלקער. מען האט געוואלט אויסשטרייכן פון די יידישע תפילות דאס ווארט „ציון" און איבערהויפט פארטושן זייער נאציאנאלן אינהאלט. דאס איז אוממעגלעך, ווייל דאס איז אייגנטלעך דער תוך פון דער יידישער רעליגיע: די פארהייליקטע נאַ־ציאנאלע פארגאנגענהייט און די צוקונפט, געבויטע לויטן גייסט פון משיח'ן, וועלכער דארף אויסלייזן ניט נאר דאס יידישע פאלק, נאר די גאנצע מענטשהייט. די תורה איז געגעבן געווארן אין עברית, אין דער שפראך פון דער יידישער זעלבשטענדיקייט. און עס איז אוממעגלעך אפצוטיילן די יידישע רעליגיע פון איר נאציאנאלן אינהאלט, פון איר געבונדנקייט מיטן לאנד ציון, פון איר שפראך. די רעפארמאציע־אידיי האט געדארפט האבן דעם געדאנק, אז יידן זענען ניט קיין פאלק, נאר זענען אין יעדן לאנד דייטשן, פראנצויזן א.אז.וו. בכדי מען זאל קענען פריי האנדלען און לעבן צווישן ניט־יידן. דעריבער האט זי אויס־געשניטן פון דער יידישער רעליגיע אלץ וואס איז קאנקרעט נאציאנאל און יידיש. מען האט גענומען לערנען דעם תנ"ך אין דייטש, דאוונען אין דייטש. פון דעם יידישן פאלקסטימלעכן בית־המדרש האט מען געמאכט א האלב־קאטוילישן טעמפל. דאס רעפארם־יידנטום איז לאגיש, קאנסעקווענט ארויסגעדרונגען פון מענדעלסאנס אידיי, אז יידן זענען ניט קיין פאלק, באטש מענדעלסאן אליין איז ניט געווען קיין „רעפארם־יודע".

צו דעם האָט אויך געבראַכט דער ליבעראַליזם. ער האָט געקעמפט פאַר אָפּ־שאַפן פּריווילעגיעס, ער האָט געקעמפט פאַר אַלזייטיקער פרייהייט, אומאָפּ־העניגיק פון נאַציאָנאַלער און קלאַסן־אָפּשטאַמונג. און ער האָט דאָס געמיינט אויפריכטיק. דער ליבעראַליזם איז אַ גרויסע אידיי, נאָר זייענדיק רעאַליזירט אין אַ סאָציאַלן אונטערשפּאַר, נאָר פּאָליטיש, האָט ער געבראַכט בלויז די ביר־גערלעכע פרייהייט. די פאַלשקייט פון ליבעראַליזם באַשטייט ניט אין זיין תוך גופא, נאָר אין פאַלשן רעאַליזירן אים.

אין יידישן לעבן האָט דער ליבעראַליזם געבראַכט צו באַפרייונג פון יידן אַלס מענטשן, אָבער צו ליקווידאַציע פון די יידן אַלס נאַציע. ער האָט געפאָדערט פון די יידן אָפּזאָגן זיך פון זייער אייגנאַרטיקייט, אַרויסגיין פון געטאָ, כאָטש ער האָט ניט געפאָדערט זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער רעליגיע. פון פאַר־לייקענען דאָס יידישע פאָלק, איז מען געקומען צום אויכשטרייכן דעם אינ־האַלט פון דער קולטור, וואָס פאַרייניקט אַלע יידן און וואָס טיילט זיי אָפּ פון אַנדערע פעלקער.

בשעת דער פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז געווען אַ מאָמענט, ווען די ספּר־דישע יידן האָבן זיך געפונען אין אַן אַנדער לאַגע ווי די עלזאַס־לאָטאַרינגער אַשכנזישע יידן און באַטראַכט געוואָרן אַלס באַזונדער גרופּע. די ספרדישע יידן האָבן געשיקט אַ מעמאָראַנדום צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, אַז נאָר זיי זענען עכטע פראַנצויזישע בירגער און אַלס אויסדרוק פון ווילן ניט צו זיין סעפּאַראַט לאָזן זיי פונאַנדער זייערע געמיינדעס, אין דער צייט ווען די אַסט־יידן ווילן זיין באַזונדער. אַזאַ דערשיינונג איז דאָ אויך איצט, כאָטש אין אַן אַנדער פאָרם. פון דאַנען — דאָס פאַרגעסן די יידישע שפּראַך און די רעפאָר־מאַציע פון דער רעליגיע. עס באַקומט זיך, אַז דער מענטש נעמט גלויבן אין דעם, אין וואָס ער גלויבט ניט, אין דעם וואָס לוינט אים. דאַן ווערט ער פאַר־מיאוסט ביי זיך אין די אויגן. פון דאַנען נעמט זיך אויך די שנאה צו יידן. ווייל וואָלטן טאַקע יידן געווען נאָר אַ רעליגיע, וואָלטן זיי געווען באַפרייט פון זייערע אומגליקן. אָבער די יידן זענען פאָרט אַ פאָלק. די מענטשהייט עקזיסטירט נאָר אין פאָרם פון נאַציעס. און די יידן אַלס מענטשן קענען עקזיסטירן נאָר אַלס יידן. דאָס איז אַ פאַקט, קעגן וועלכן די מענטשלעכע און אפילו אסימילאַטאָ־רישע כוחות זענען אָנמעכטיק. און דערפאַר הויבן זיי אָן פיינט צו האָבן דאָס יידישע פאָלק און דעם ייד אין זיך, ווייל דאָס שטערט זיי אין זייערע אינטערעסן.

עס איז דערגאַנגען צו אַטאָ וויינינגערס יידישע טעאָריעס. אַטאָ וויינינגער

איז געווען אַ גרויסער טעאָרעטיקער פון אונטערשייד צווישן מאַן און פרוי. ער באַמיט זיך צו באַווייזן די מינדערוועדטיקייט פון דער פרוי און צעטיילט אַלע מענטשלעכע אייגנשאַפטן אויף גוטע, וועלכע ער רופט אָן מענערלעכע, און שלעכטע — ווייבלעכע. ער דערקלערט, אַז יידן זענען ווייבלעך, מינדרוועדטיק און אומ־פאַרבעסערלעך. די אידיי פון הערצלען דערקלערט ער אַלס אוטאָפּיע, האַלטנדיק אַז יידן זענען ניט פעיק צו זיין זעלבסטשטענדיק, ווייל זיי זייַנען לויט זייערע פיזיאָלאָגישע אייגנשאַפטן פאַרברעכעריש. מען קען זיך באַפרייען פון שלעכטס ביי מענטשן, אויב מען באַפרייט זיך פון יידן. און דער ערשטער פאַרברעכער — האַלט ער — איז ער אַליין (ער האָט געשטאַמט פון יידן) און דערשיסט זיך. און לאָגיש זענען יידן אַביסל מינדערוועדטיק, ווייל אַזוי גוט ווי די, צו וועלכע זיי ווילן זיך גלייכן, קענען זיי ניט זיין. אַ ייד קען ניט זיין קיין בעסערער דייטש אָדער פראַנצויז ווי דער געבאָרענער דייטש אָדער פראַנצויז. און דעריבער איז יעדער ייד פאַרמשפּט צו זיין אַ צווייטראַנגיקער. ביי פאַרמאַסקירטע יידן, יידן אַסימילאַטאָרן, ברענגט דאָס צו „קנעכטשאַפט אין דער פרייהייט" — ווי עס האָט געזאָגט אחד־העם. זיי זענען שטענדיק ווערט ווייניקער ווי די, צווישן וועלכע זיי האָבן זיך אַסימילירט. זיי זענען ווערט אויף אַזויפיל, אויף וויפיל זיי קענען פאַרבאַהאַלטן זייער יידישקייט.

די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אַסימילאַציע שטאַמט פון ליבע־ראַלער אַסימילאַציע. יעדע אַסימילאַציע טראָגט אין זיך דעם זעלבן אינהאַלט.

## אַ פאָלק אָדער אַ רעליגיעזע עדה

פון דער אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע דרינגט אַרויס אַ פראַגע: צי זענען יידן אַ נאַציע? דאָס וואָס יידן זענען אָפּגעזונדערט און אַנדערש, ווי די מענטשן, מיט וועלכע זיי לעבן אין איין מדינה, און האָבן ניט קיין אייגענע מדינה — ברענגט צו פאַרשידענע פראַגן. דאָס ברענגט אויך דעם געדאַנק, אַז מען זאָל אויפהערן זיין אַנדערש. דערפאַר מוז דער ייד קודם־כל אַ פרעג טאָן זיך, וואָס איז די סיבה פון דעם אַנדערש זיין. אַנדערש צווישן זיך זענען אַלע פעלקער אָבער ביי זיי איז דאָס ניט קיין פּראָבלעם, ווייל אַ פאָלק וואָס לעבט ביי זיך זעלבשטענדיק פילט קיינמאָל דאָס ניט אָפּ אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָבער אַז מען לעבט צווישן אַנדערע פילןביידע — סיי דער ייד, סיי דער גוי — אַז מען איז אַנדערש. און דאָס

אנדערש זיין איז געווארן א פראבלעם און א טאג־טעגלעכע פראגע: איז דאס אנדערש זיין נאר צוליב דער באזונדערער רעליגיע אדער זענען דא נאך סיבות? צי זענען יידן נאר א רעליגיעזע עדה אדער זענען זיי אויך א נאציע? צי איז דאס אנדערש־זיין צופעליק, אדער עס איז א היסטארישע נויטווענדיקייט? צי קען מען די אנדערשקייט לייכט ליקווידירן?

יידן טראגן מיט זיך, פונקט ווי אלע פעלקער אן אייגנארטיקייט. און עס שטעלט זיך א פראגע, צי איז די אייגנארטיקייט א נאציאנאלע אדער בלויז א רעליגיעזע? די אייגנארטיקייט איז אנטשטאנען, ווען יידן האבן זיך אין ארץ־ישראל אויסגעבילדעט אלס פאלק. ס'האבן זיך געשאפן קאלעקטיווע אייגנשאפטן ביים גאנצן פאלק. געווים הויבט זיך דאס אן פון געמיינזאמער אפשטאמונג פון איין שטאם און פון איין ראסע. פון דאנען נעמען זיך די ערשטע אייגנשאפטן פון יידן. עס עקזיסטירן ראסן, און מען דארף דאס ניט פארלייקענען. מען דארף נאר באקעמפן די נאציסטישע ראסן־טעאריעס, וועלכע זאגן, אז פארשידענע ראסן האבן א פארשידענעם ווערט. אין דעם באשטייט די פאלשקייט פון די ראסן־טעאריעס פון פאשיזם. אבער א פאקט איז, אז ראסן עקזיסטירן, און אונטערשיידן זיך צווישן זיך, אין ביאלאגישן און פיזישן זין. אין ראם פון איינער און דער זעלבער ראסע אנטשטייען פארשידענע גרופן — נאציעס, וועלכע אונטערשיידן זיך אזוי צווישן זיך, אז די אונטערשיידן זענען שטארקער ווי די ראסישע געמיינזאמקייט. די ראסע־אונטערשיידן זענען פרעהיסטארישע פאקטן, און פעלקער האבן זיך געשאפן שוין במשך פון דער געשיכטע, פון א געמיש פון ראסן, און עס זענען ניטא קיין אבסאלוט ראסיש ריינע פעלקער. מענטשן פון איין ראסע האבן ניט דעם זעלבן גורל און באוווסטזיין פון געמיינזאמען גורל, ווי מענטשן פון איין פאלק. היטלער האט פראפאגירט א ראסן־באוווסטזיין, אבער דאס איז געווען א דייטשער און ניט קיין ארישער באוווסטזיין. די ראסן־געמיינזאמקייטן און אונטערשיידן זענען געגעבן געווארן דורך דער נאטור, זיי זענען אייגנטלעך נאענטער צו זאאלאגיע ווי צו אנטראפאלאגיע, און האבן ניט קיין עצם ווערט אין ארט פון מענטשנס לעבן. דאס זוכן ראסן־אונטערשידן געהערט צום ווילן צו אנערקענען דעם מענטש אלס חיה און ניט אלס מענטש. די מענטשן האבן זיך אויסגעבילדעט אלס מענטשן, לעבנדיק געזעלשאפטלעך אין געמיינשאפטן — אלס שבטים און ניט אלס יחידים. ווען די מענטשן דערגייען צו דעם, אז זיי האבן א געמיינזאמע שפראך, א הערשאפט איבער איין שטח און א באוווסטזיין פון א געמיינזאמען גורל — דאן בילדעט זיך אויס א פאלק. דאס איז ניט

אָפּהענגיק פון דעם, צי איז די גרופּע ראַסיש ריין, אָדער זי האָט צומישונגען פון פאַרשידענע ראַסעס. כמעט אַלע פעלקער זענען געמישט פון פאַרשידענע ראַסעס, און דאָס דייטשע פאָלק — מער פון אַנדערע. און אַזוי איז אויך געווען ביי יידן, אָבער זינט זיי זענען געוואָרן אַ פאָלק, האָבן זיי זיך שוין ווייניק גע־מישט.

שבטים בילדן ניט קיין פאָלק ביז וואַנען זיי קומען ניט צו אַ העכערער שטופע פון לעבן, צו אַ קולטורעלן לעבן, ביז וואַנען זיי לערנען זיך ניט אויס, אין אַ געוויסער מאָס, הערשן איבער דער נאַטור. איינער פון די הויפּט־מיטלען ביי דעם איז די שפּראַך, וועלכע דערמעגלעכט איבערגעבן וויסן און דערפאַרונג פון מענטש צו מענטש, פון דור צו דור. אויך מאַטעריעלע קולטור איז אוממעג־לעך אָן אַ שפּראַך. די שפּראַך איז אַזוי אַרום ניט נאָר אַ גייסטיקער, נאָר אויך אַ מאַטעריעלער ווערט. און צו אַ געמיינזאַמער שפּראַך קומט ניט איין שבט, נאָר אַ פּאָר שכנותדיקע שבטים, וועלכע לעבן געמיינזאַם אין איין לאַנד. מענטשן פון פאַרשידענע אָפּשטאַמונגען האָבן זיך אַלס שבטים געטראָפן, ווייל מענטשן האָבן, פאַר זייער קולטורעלער אַנטוויקלונג, געפירט אַ וואַנדער־לעבן. מען טרעפט זיך צונויף און מען טרעט אַריין אין פאַרשידענע באַציונגען: פיינטלעכע און פריינטלעכע. אויף אַ געוויסער שטופע הרגעט מען זיך קעגנזייטיק אויס, אויף אַ העכערער שטופע פון אַנטוויקלונג — פאַרקנעכטעט דער שטאַרקערער דעם שוואַ־כערן, פּונקט ווי אין יאַגד הערט מען אויף צו הרגענען אַ חיה, נאָר מען מאַכט פון איר אַ בעל־חי. צום פאַרקנעכטן איז מען דערגאַנגען, ווען אַ ווייניקער אַנטוויקלטער שבט, אַ וואַנדערנדער, האָט באַהערשט אַ מער אַנטוויקלטן, אַ באַזעצטן. אַזוי האָבן זיך שבטים פאַרייניקט. דורך דעם האָט זיך אַנטוויקלט די שפּראַך, די קולטור און נאָך אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג האָט זיך אָנגעהויבן אויסצובילדן אַ פאָלק. אַ פאָלק ווערט געשאַפן מיטן אויפהערן צו וואַנדערן און דורך געמיינזאַמער אַרבעט, אין צוזאַמען־טאָן און קאָלאָניזירן, באַהערשן אַ שטח לאַנד — באַהערשן מאַטעריעל, גייסטיק און קולטורעל. שבטים גייען דורך דעם אַריין אין באַציונגען פון געוויסער אָפּהענגיקייט צווישן זיך. דאָס פאָלק שאַפט זיך דאָן, ווען מענטשן הויבן זיך אָן באַציען צו אַ לאַנד שעפעריש, ווען זיי הערן אויף נאָר צו געניסן פון דער נאַטור נאָר שאַפן זי אויפסניי. ווען דער מענטש קאָלאָניזירט דאָס לאַנד — שאַפט דאָס לאַנד דאָס פאָלק.

אַזוי לאַנג ווי דער מענטש איז ניט קיין שעפער פון לאַנד, ווען ער פּאַסט דאָס ניט צו צו זיינע באַדערפעניש; ווי לאַנג דאָס לאַנד איז נאָר אַ צופעליקער

רויב־פלאַץ — בילדעט זיך נים קיין פאָלק. דאָס געשעט דאַן, ווען זיין באַציונג צום לאַנד ווערט אַ פאַרקערטע, ווען דער מענטש הויבט אָן ניט נאָר נעמען פון לאַנד, נאָר באַרייכערן עס, בויען עפּעס מענטשלעכעס אויף דעם, שאַפן עפּעס, וואָס איז נויטיק דעם מענטש. אין דער תקופה, ווען שבטים האָבן זיך אָנגעהויבן סטאַביל צו באַזעצן אויף ערד, באַאַרבעטן זי, באַוואַסערן זי, ווען זיי זענען געצוווּנגען אַנטקעגנשטעלן זיך געפאַרן פון וואַסער־פאַרפלייצונגען, צו קאָלעקטיווער פאַרטיידיקונג קעגן חיות און קאָלעקטיווער יאַגד, צו געמיינזאַמען פאַרטיידיקן זיך און דאָס לאַנד, וואָס פאָדערט אַ סך כוחות, מער ווי פון איין שבט, — ווערן שבטים און קולטורן פאַראייניקט און עס בילדן זיך אויס פעלקער. יידן אַלס פאָלק האָבן זיך אויסגעבילדעט אין ארץ־ישראל, אין פּראָצעס פון קאָאָלאָניזירן דאָס לאַנד, שעפעריש באַהערשן עס. פאַרטיידיקן פון דורכגייענדע פעלקער, ווייל דאָס האָט געשאַפן ביי זיי געמיינזאַמע אינטערעסן.

## דאָס געבורט פון אַ פאָלק

דאָס וואָרט „פאָלק“ באַנוצט מען אַלס באַצייכענונג פון אַלע מענטשן פון איין גאַציע, פון איין אָפּשטאַמונג, מיט איין וועג און גורל.

ביי דער פאָרמירונג פון אַ פאָלק שאַפט זיך אַ שפּראַך, און ווערטן אין דער שפּראַך — געמיינזאַמע פאַר אַלע פון דעם פאָלק: לידער, שבועות, תפילות א.א.וו. עס אַנטשטייט אַ געמיינזאַמע באַציונג צו דער וועלט, אַ פאַרשטייַן דעם ארום אויף אַ געוויסן אופן — אַזוי שאַפט זיך אַ גלויבן. דער מענטש נעמט די ידיעות, וואָס האָבן אָנגעזאַמלט דורות און קאָנטראָלירט זיי ניט, נאָר גלויבט אין זיי, און ער מיינט אַז ער ווייס, אַז עס איז ריכטיק און ס'עקזיסטירט דאָס, אין וואָס ער גלויבט. אַלץ וואָס מען ווייס פון די פּשוטע דערפאַרונגען — וואָס איז הייס און קאַלט, דעם צוזאַמענהאַנג פון זאַכן, די דערשיינונגען אין דער וועלט — איז אַן אָנזאַמלונג פון דערפאַרונגען איבערגעגעבענע פון דורות, לויט וועלכע מען פאַרשטייט די סיבות פון דערשיינונגען און עס שאַפט זיך אַ בילד וועגן די דערשיינונגען אין דער וועלט. די דערפאַרונגען און דאָס פאַרשטייַן זענען ביי אַלע מענטשן פון איין שטאַם אָדער פאָלק די זעלבע און דאָ שאַפט זיך אַ גלויבן — אַ רעליגיע, וועלכע פאַראייניקט אַ גאַנצן סיסטעם פון וויסן צוזאַמען מיט אַן אויפפאַסונג פון סיבות פון זאַכן און דערשיינונגען. אין אָנפאַנג איז אַלץ רעליגיע, אַלץ ווערט פאַרהייליקט: וואָס דער מענטש ווייס, וואָס ער גלויבט,

פילט אין באַציונגען צווישן מענטש און מענטש. אַלץ איז פאַר אַלעמען פאַר־פליכטעט ווי אַ הייליקייט. די גאַנצע קולטור איז ביז אַ געוויסער צייט איין גאַנצקייט, ווערט געהיט דורך אַלעמען, איז געמיינזאַם פאַר אַלעמען. זי איז דער גאַנצער גייסטיקער לעבן פון מענטשן. און דאָס הייסט רעליגיע. מיט דער צייט ווערט אָפּגעטיילט אַלס באַזונדער פונקציע דאָס איבערגעבן דעם גייסטיקן פאַר־מעגן פאַר דורות — די גייסטעלכקייט.

ביים אַריבערגיין פון אַ וואַנדער־לעבן צו אַ לאַנד, פון אַ שבט — צו אַ פאָלק, ווערט אויסגעטיילט אַ פונקציע פון היטן דאָס גייסטיקע לעבן. די דער־פאַרונג ווערט קאָנצענטרירט אין גייסטיקן פירער — כהן. ער וויים פון דער דערפאַרונג אַ סך, לערנט, משפּט, היילט. און עס זאַמלען זיך אָן מער און מער קולטור־שאַפונגען, דערפאַרונגען. ס'שאַפט זיך אַן אופן פון פאַרשטיין זאַכן — אַזעלכע, וואָס זענען יאָ דערוויזן און וואָס זענען ניט דערוויזן; מ'דערקלערט אויף אַ געוויסן אופן פאַרשיעדנע נאַטור־דערשיינונגען, די וועלט. און דאָס אַלץ איז ניט אינדיווידועל, עס ווערט אַלגעמיין — דאָס איז די רעליגיע, אַזוי ווערט זי געשאַפן. דאָס וויכטיקסטע אין בילדן דאָס פאָלק איז געווען דאָס לאַנד, די קאָלאָניזירונג, די שפּראַך, די געמיינזאַמע אָרדנונג און בעיקר די רעליגיע, וועלכע נעמט אַרום דאָס גאַנצע קולטורעלע גייסטיקע לעבן.

די נאַציע איז אַ געמיינזאַמקייט פון מענטשן, וואָס דאָס לאַנד, די קול־טור און דער גלויבן זענען דורך זיי געמיינזאַם געשאַפן און האָבן אויף זיי גע־מיינזאַם געווירקט. אַ פאָלק בינדט סיי דאָס פיזישע — די פאַרבינדונגען אין פאָלק גופא און דאָס איינהאַלטן דעם אויסזען פון מענטש — סיי דאָס גייסטיקע, וואָס איז ניט אָפּגעריסן פון מאַטעריעלן, און אַזוי בילדעט זיך און ווערט איבער־בערגעגעבן דורך דורות אי דאָס מאַטעריעל־פיזישע, אי דאָס גייסטיקע, אַלס אויסגעפורמטע אייגנשאַפטן. אַזוי, במשך פון טויזנטער יאָרן, ווערט אויסגע־אַרבעט אַ נאַציאָנאַלער כאַראַקטער, אַ כאַראַקטער פון אַ פאָלק.

דער יידישער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער איז אויסגעבילדעט געוואָרן אין ארץ־ישראל. יידן האָבן געהאַט אַ געמיינזאַם אויסגעאַרבעטע קולטור, וועלכע האָט אַזוי לאַנג געדויערט און אַזוי טיף געווירקט, אַז עס איז אַריין אין דער נאַטור פו די מענטשן. אַ נאַציאָנאַלער כאַראַקטער, אַ נאַציאָנאַלער אינהאַלט און אייגנאַרט איז אַ מדרגה, איז אַ פאַקט, צו וועלכן מענטשן קומען אויף אַ גע־וויסער שטופע פון אַנטוויקלונג. עס זענען דאָ פעלקער, וואָס זענען נאָך ניט קיין נאַציעס, וואָס האָבן נאָך ניט דעם גאַנצן אוצר: די באַציונג פון מענטשן

צו דער וועלט, דאָס פאַרשטיין זי. דאָס האָבן אַן אָנגעזאַמלטע דערפאַרונג א.א.וו.

ביי אַזאַ שטופע פון קולטור, ווען מענטשן באַהערשן דאָס לאַנד — ווערט געשאַפן אַ נאַציע. איר אייגנאַרטיקייט זונדערט זי אָפּ פון אַנדערע און פאַראייניקט די מענטשן אינעווייניק צו דעם, אַז זיי זאָלן זיך קענען אַריינמישן אין דער נאַטור און לייגן אויף איר זייער שטעמפּל: ענדערן זי, זייען אַ זאַמען ס'זאָלן וואַקסן ביימער דאָרט, וווּ זיי זענען ניט געווען. כדי דער מענטש זאָל האָבן אַ שעפערישע באַציונג צו דער אויסערער וועלט, ער זאָל קענען שאַפן, — איז נויטיק אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע גרופּע, וואָס האָט שוין אַ גרויסע דערפאַרונג, טראַכט שוין וועגן דער צוקונפט און קען זיך אַריינמישן אין דער נאַטור אויף יאָרן פאָרויס — למשל פאַרזייען אַ זאַמען כדי אין יאָרן אַרום זאָל אַרויסוואַקסן אַן עפּל. צו דעם איז נויטיק אַ גרויסע דערפאַרונג, אַ קאָנצענטרירטע אין דער קולטור.

אויפן איבערגעבן פון לאַנגע צייטן אָנגעזאַמלטע ידיעות, שאַפן קולטור — ווירקט די ראַסע פון מענטשן, די נאַטור, די סביבה, דער קלימאַט און די באַדינגונגען. ווייל דער מענטש קען שאַפן נאָר פון דעם געגעבענעם, פון דער אויסערער נאַטור, וועלכע רינגלט אים אַרום. אין אונדזער ווירקלעכקייט איז ניטאָ קיין יש מאין, מען קען ניט שאַפן אָפּגעריסן פון דעם מאַטעריעלן, וואָס עקזיסטירט אַרום. אַ פאָלק ווערט געשאַפן אויך פון ד ע ר קולטור וואָס עס שאַפט. און זי איז אָפּהענגיק פון דער נאַטור אַרום. דאָס פאָלק שאַפט דאָס לאַנד. אָבער דאָס לאַנד באַשטימט, וואָס דאָס פאָלק קען פון אים שאַפן. און מען קען גאָר ניט פאַרשטיין וואָס דאָס איז דער עם ישראל אָן דעם ארץ־ישראל. ארץ־ישראל האָט געשאַפן דאָס פאָלק דורך דעם, וואָס יידן האָבן געשאַפן פון אָט דער ערד אַ לאַנד פאַר מענטשן. יידן זענען געווען אויך אין די אַרומיקע לענדער, אָבער דאָרט האָבן זיי אַזעלכעס ניט געשאַפן און יענע לענדער האָבן טאַקע ניט געבילדעט דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון פאָלק. עס האָט געווירקט אויך דער מדבר, אָבער די קולטור האָט זיך געבילדעט ערשט ביים באַזעצן דאָס לאַנד, מיט וועלכן מען איז אַריין אין שעפערישע באַציונגען. פאַר אונדז איז דאָס לאַנד געווען די מוטער, וואָס האָט אונדז איבערגעגעבן אַלץ וואָס האָט געמאַכט פון אונדז אַ פאָלק. דאָס איז אונדזער נאַציאָנאַלע היים, אונדזער מוטער־לאַנד, אומאָפּהענגיק צי מיר לעבן אין לאַנד, צי ניט. דאָס לאַנד האָט געשאַפן אונדז אַלס פאָלק און באַשטימט אונדזער לעבן. ס'האָט געווירקט אויף אונדזער פאָרמירונג די ערד און דער הימל, און אַלץ וואָס געפינט

זיך צווישן דער ערד און דעם הימל. אויך די שפּראַך, קולטור א. ד. גל. אויב מען ווערט אפילו אָפּגעריסן פון דעם, הערט עס ניט אויף צו ווירקן.

מיט דער צייט פאַרלירט דאָס יידישע פאָלק די מדינה, דאָס לאַנד, די שפּראַך און לסוף דעם רעליגיעזן כאַראַקטער. צוליב דער צעשפּרייטקייט פון יידישן פאָלק אין גלות איז אַ סך קאָמפּליצירטער געווען צו שאַפן אַ דעפיני־ציע וואָס איז אַ נאַציע. ס'זענען ביי יידן אַנטשטאַנען געדאַנקען וועלכע מאַכן פון דעם אומגליק, פון דעם וואָס יידן זענען אַ פאָלק — אַ בעל־מום, — אַ טוגנט, אַ טעאָריע, וואָס זאָגט, אַז אַ נאַציע כאַראַקטעריזירט ניט קיין שפּראַך, קיין לאַנד, קיין רעליגיע. אָבער אַ פאָלק אַ בעל־מום בלייבט דאָך פאָרט אַ פאָלק, פונקט ווי אַ מענטש, וועלכן ס'פעלן געוויסע קערפּער־טיילן, וואָס זענען אים געגעבן געוואָרן דורך דער נאַטור, בלייבט אַלץ איינס אַ מענטש.

דער אונטערשייד צווישן מענטשן איז ניט קיין אונטערשייד פון העכער און נידעריקער. דאָס זעלבע איז ביי נאַציעס. ס'זענען ניטאָ קיין העכערע און נידעריקערע נאַציעס, ס'איז נאָר פאַראַן אַ גרעסערער און קלענערער טעמפּאָ פון אַנטוויקלונג. דאָס איז אָפּהענגיק פון די ספּעציפישע באַדינגונגען, פון די מעג־לעכקייטן, וועלכע עס שאַפט די נאַטור. פון דער נאַטור, פון נאַטירלעכע מעג־לעכקייטן זענען אַלע מענטשן — מענטשן. אַלע מענטשן זענען געבויט פון דעם זעלבן מאַטעריאַל, אויפן זעלבן אופן און האָבן די זעלבע מעגלעכקייטן. ס'איז אַ פראַגע פון באַדינגונגען, דעריבער זענען אויך פאַראַן ראַסן־באַדינגונגען. ס'ווערן איבערגעגעבן אויך אייגנשאַפטן בירושה. די פאַרשידנהייט פון ראַסן איז ניט קיין וועזנטלעכע. די ראַסן זענען ניט פאַרשידן אין זייערע מעגלעכקייטן. זיי זענען בלויז פאַרשידן אין זייער אַנטוויקלונג. אַ העכערע שטופע איז די נאַציע. אין די לענדער פון מיטללענדישן ים, וועלכע האָבן געהאַט באַדינגונגען און אַ נויט צו אַנטוויקלונג — אַנטוויקלען זיך די פעלקער פריער. די אייגנשאַפטן וועלכע זענען געגעבן פון דער נאַטור, אַנטוויקלען זיך און ווערן איבערגעגעבן בירושה.

אַזוי אַנטוויקלט זיך ביסלעכווייז אין ארץ־ישראל די צעטיילונג אויף קלאַסן, אויף דאָרף און שטאָט. אַ דאַנק די גוטע באַדינגונגען אַנטוויקלט זיך דער האַנדל. ארץ־ישראל איז אַ לאַנד וואָס האָט אין זיך טייכן, בערג, דעם ים, וועלכער פאַרבינדט מיט דער וועלט. אַ קליין לאַנד, וואָס האָט אַזוי פיל פאַרשידנהייטן: פון שניי אין צפון ביזן מדבר אין דרום; אַ לאַנד, וואָס האָט אַ פאַרצווייגטע נעץ פון טאָלן, בערג און בערגלעך; און אין דעם קליינעם לאַנד זענען דאָ פאַר־

שידענע קלימאטן. אין אַ לאַנד מיט אַזאַ געאָגראַפּישער לאַגע וואַנדערן אריין שבטים, וועלכע האָבן אַ פאַרשידענע אנטוויקלונג פון לאַנדווירטשאַפט, מלאכה, האַנדל. ווען די באַפעלקערונג און דאָס לאַנד ווערן מער קולטורעל, מער אַנט־וויקלט, רופט זי אַרויס קנאה און ס׳אַנטשטייט אַ נויטווענדיקייט זיך צו פאַר־טיידיקן. עס אַנטוויקלען זיך מיליטערישע פעיקייטן. און ווייל דאָס לאַנד טרעפט זיך מיט אַ פילזייטיקער קולטור; ווייל דאָס לאַנד צווינגט אנטוויקלען וויסן, קולטור און באַציונגען מיט פעלקער פון פאַרשידענער אנטוויקלונג — ווערט די באַפעלקערונג אַנטוויקלט פילזייטיק. זי ווערט מאַנאָטעאיסטיש. ארץ־ישראל איז אין יענער צייט געווען אַן אַנטוויקלט לאַנד מיט אַ ברייטער קולטור, מיט אַן אַנטוויקלטער געזעלשאַפט אין וועלכער ס׳זענען שוין געווען גרויסע קעגנזאַצן צווישן רייך און אָרעם. ס׳האָט שוין עקזיסטירט אַ מלוכה׳שע קולטור: אַ קעניג, אַ שיכט פון כהנים. דאָס אַלץ איז פאַרייניקט געוואָרן אין איין וועלט־אַנשויונג — אין דער רעליגיע — וועמענס אינהאַלט איז די קולטור פונם לאַנד, פון פאָלק און זיין געשיכטע, ווייל דאָס געמיינזאַמע לעבן אין ארץ־ישראל אויף אַלע געביטן, די נאַציאָנאַלע קולטור האָט געשאַפן איין אַלגעמיינע ראַם — די רעליגיע.

## דער תנ״ך און די אַלט-יידישע קולטור

דער תנ״ך איז דער ערשטער און וויכטיקסטער בוך ביי יידן. ער האָט ניט געשאַפן די יידן, נאָר איז דורך די יידן געשאַפן געוואָרן אַלס זאַמלונג פון יידישע קולטור־אוצרות פון דער פאַרגאַנגענהייט. ווילן אַ ייד קענען זיך — מוז ער וויסן פון וואַנען ער שטאַמט, מוז ער קענען דעם תנ״ך. דער תנ״ך באַשטייט פון דריי טיילן: תורה, נביאים און כתובים, דאָס איז אַ זאַמלונג פון פאַרשיידענע ביכער און שריפטן. דעם בוך האָבן מיר געשעצט. אויף אים שטיצן זיך דריי וויכטיקסטע רעליגיעס: די יידישע, קריסטלעכע און די מוסלמענישע. דער תנ״ך איז פאַרבונדן מיט דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור, וואָס איז אין אָנהויב געווען פאַרבונדן גענצלעך מיט רעליגיע.

עס איז ניטאָ קיין רעליגיע וואָס זאָל אין איר אָנפאַנג ניט פאַרגעטערן אַ מענטשן — אַ פירנדיקע פּערזאָן, וואָס האָט געלערנט די מענטשן, געפירט זיי, צוזאַמענגענומען די קולטור־אוצרות, וועלכע זענען דערנאָך פאַרהייליקט גע־וואָרן. דער איינצלנער מענטש איז געווען אַזוי שוואַך, אַז אַלץ וואָס איז געשאַפן

געוואָרן איז ביי אים געוואָרן הייליק. אַ סך דערגרייכונגען פון מענטשלעכער קולטור, וואָס האָבן אפילו ניט קיין שייכות צו דעם, וואָס מיר רופן איצט רע־ליגיע; דערגרייכונגען, וואָס מען האָט געדאַרפט פאַרהיטן — ספּעציעל ביי יידן אין זייער גלות־וועג, ווי למשל זייער שפּראַך — האָט מען פאַרהייליקט, כדי צו קענען דאָס איינהאַלטן. יידן רופן זייער שפּראַך לשון־קודש, זיי האָבן גייענדיק אין גלות פאַרהייליקט אַלץ, וואָס זיי האָבן געשאַפן, ווען זיי זענען געווען צוזאַמען, בעיקר די נאַציאָנאַלע קולטור, וועלכע האָט געדאַרפט אָפּגעהיט ווערן.

דער תנ״ך אָבער איז ניט איין בוך — דאָס זענען אַ סך ביכער, מיט אַ סך מיינונגען, אַ סך פאַרשידנהייטן אין וועלט־אַנשויונג און אַ סך קעגנזאַצן. דאָס זענען פאַרשידענע ווערק פון פאַרשידענע צייטן, פאַרשידענע מענטש־לעכע כאַראַקטערן, אידייען און געדאַנקען, וועלכע זענען טיילמאָל אין ווידער־שפּרוך מיטן רעליגיעזן כאַראַקטער פון תנ״ך. מ׳זעט דאָ פאַרשידענע קוואַלן: פון איינעם קומט למשל „שיר השירים״ — אַזאַ שיינע יונגע ליבע־ליד, פון אַ צווייטן „קהלת״ — אַזאַ אַלטער ניהיליסטישער קוק אויף דער וועלט.

מיר דאַרפן קענען דעם תנ״ך, ליבן אים, קענען זען אין אים די ווידער־שפּרוכן, און האָבן אַ פרייען קריטישן צוגאַנג.

די יידישע רעליגיע האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון לעבן — ביז מעדיצין און היגיענע, וואָס האָבן אַ וויסנשאַפטלעכן און ניט קיין געטלעכן גרונט. און ווייל מען האָט זי ניט באַנייט, האָט מען פאַרשידענע פּשוטע לעבנס־מנהגים קאָנסערווירט. די יידישע רעליגיע נעמט אַרום פיל מער, ווי אַנדערע רעליגיעס. זי האָט אָבער אויך אַמעריסטן ווידערשפּרוכן און אויסדרוקן פון פאַרשידענע סאָציאַלע און גייסטיקע קאַמפן. דעריבער איז ניט ריכטיק, אַז דער יידישער גלויבן האָט איין ציל און איין געדאַנק. אין אים דריקן זיך אויס פאַרשי־דענע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע געדאַנקען, וואָס האָבן אָנגענומען אַ רעליגיעזע פאָרם. אפילו אפּיקורסישע, אַנטי־רעליגיעזע געדאַנקען זענען אַריינגעגאַנגען אין תנ״ך. דער אינהאַלט פון דער יידישער קולטור איז אַזוי פאַרשידנאַרטיק ווי דאָס מענטשלעכע שאַפן.

צוליב דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט אַזאַ מין גורל, גייט אונטערן נאָמען און אונטערן מאַנטל פון רעליגיע די גאַנצע שאַפונג, די גאַנצע קולטור פון יאָרהונ־דערטער. און דאָס אַלץ וואַרפט מען אָפּט אָפּ מיט דער רעליגיע צוזאַמען. די מענטשלעכע יום־טובים און דער מענטשלעכער טרויער; ווי אַזוי מען פרייט זיך

מיטן פרייליכן אָדער מיטן האַרבסט; ווי מען לעבט איבער ליבע און בכלל אַלגע־
מיין־מענטשלעכע איבערלעבונגען — דאָס אַלץ האָט אַנגענומען אַ רעליגיעזע
פאָרם, וועלכע פאַרקערפּערט גרויסע דערגרייכונגען פון דער מענטשלעכער קול־
טור. ס'זענען דאָ טראַדיציאָנעלע לידער, יום־טובים, מאכלים, אויסגעבילדעטע
נאָך לאַנגע יאָרן פון שאַפונג פון מענטשלעכער קולטור; אַפילו דאָס אָפּהיטן שבת
איז ניט קיין רעליגיעזע, נאָר אַ סאָציאַלע דערגרייכונג. ניט די רעליגיע האָט גע־
שאַפן די יום־טובים, געזאַנגען, קולטורעלע ווערטן, נאָר זי האָט אָט די פאָלקס־
אוצרות אַריינגענומען אין זיך — און איז דערמיט געשטאַרקט געוואָרן. דער
מענטש האָט געשאַפן זיין גאָט. און אויב די קולטור און די אַלע דערגרייכונגען
האָבן דערנאָך אַנגעטאָן אַ רעליגיעזן מאַנטל, דאַרפן מיר זיי צוליב דעם ניט
אַרויסוואַרפן. היינט האָבן מיר ניט חוץ דעם תנ"ך קיין אַנדער געשיכטע פון
לאַנד. ער גיט אונדז אַ בילד פון אונדזער גאַנצן לעבן און פאַרגאַנגענהייט.

נאָך אַ גרעבערער אומזין איז באַפרייען די רעליגיע פון איר נאַציאָנאַלן
אינהאַלט. דער גאַנצער אינהאַלט פון דער יידישער אמונה איז אַ נאַציאָנאַלער
און די גאַנצע אַלט־יידישע קולטור האָט אַ רעליגיעזע פאָרם. יעדעס פאָלק פאַר־
שטייט און לייגט אויף דער רעליגיע זיין נאַציאָנאַלן שטעמפּל. אַנדערש קען
גאָר ניט זיין. אַפילו דער סאָציאַליזם איז ניט קיין קאָסמאָפּאָליטישער נאָר אַ
נאַציאָנאַלער, ווייל קיין זאַך קען ניט עקזיסטירן אָן אַ פאָרם און די פאָרם איז
נאַציאָנאַל.

דער אוניווערסאַלער, אינטערנאַציאָנאַליסטישער געדאַנק פון די נביאים
פון תנ"ך, דער גלויבן אין אַ פאַרברידערונג פון פעלקער און אפילו פון מענטשן
מיט חיות — איז אויך נאַציאָנאַל־יידיש, ווייל יעדער מענטשלעכער אינהאַלט
האָט אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. און די יידישע רעליגיע איז מער נאַציאָנאַל ווי
אַלע אַנדערע רעליגיעס. זי איז דורך און דורך געבליבן נאַציאָנאַל יידיש. דאָס
וואָס די רעליגיע אפילו איז ביי יידן דורך און דורך אַ נאַציאָנאַלע — איז פאַר
אונדז נאָך איין גרויסע דערקלערונג אין דער פראַגע, צי זענען יידן אַ נאַציע.

## נאָכן פאַרלירן די זעלבסטשטענדיקייט

ביז צום פאַרלירן זייער זעלבסטשטענדיקייט האָבן יידן געשאַפן ניט נאָר
דעם תנ"ך. יידן האָבן געלעבט אַ זעלבסטשטענדיק עקאָנאָמיש און פּאָליטיש
לעבן. זיי האָבן רעגירט איבער זייער ערד און רייכטימער, זיי האָבן געהאַט אַ

אייגענע געזעצגעבונג, און אן אפאראט אפצוהיטן די געזעצן — א געריכט. זיי האבן געבילדעט זייער אייגענעם ארט לעבן — געהאט א באזונדערן לעבנס־שטייגער. דאס אלץ האט געווירקט אויף די יידן. ס'איז געווען א פראדוקט פון יידישן לעבן. די יידן אלס פאלק זענען געשאפן געווארן דורך זייער אפשטאמונג און דורך זייער זעלבסטשטענדיקער געשיכטע. ניט די יידישע קולטור און רע־ליגיע האבן געשאפן דאס פאלק, זיי אליין זענען א טייל פון אים און זיין גע־שיכטע. דאס קריסטנטום איז אויך געשאפן געווארן דורכן יידישן פאלק, האט אבער זיך אפגעריסן פון אים און אויף אים מער ניט געווירקט. דאקעגן דער תנ"ך האט געווירקט אויפן געוויסן, אויף דער פאנטאזיע, אויף דער פסיכיק פון יעדן קינד. ער האט דערצויגן, געשאפן באגריפן, געבילדעט כאראקטערן. דאס האט א גרויסע באדייטונג.

טויזנטער יארן געדענקען יידן וועגן נביאים־געשטאלטן ניט דערפאר, ווייל זיי האבן א רעליגיעזן כאראקטער, נאר ווייל זיי זענען נאציאנאל־פארבונדן מיט יידן. דעם תנ"ך האבן מיר געשאפן, מיר האבן אים מיטגענומען, ער האט אויף אונדז געווירקט און דאס אלץ צוזאמען האט געשאפן דעם יידישן אייגנארט. די יידן האבן געשאפן אין ארץ־ישראל און האבן אויפגעהערט פריי צו שאפן, ווען זיי האבן פארלוירן די מאטעריעלע מעגלעכקייטן צו דעם: ווען זיי האבן פאר־לוירן די פאלקס־געמיינזאמקייט, זייער עקאנאמישע, קולטורעלע און פאליטי־שע זעלבסטשטענדיקייט. פון דעם מאמענט האבן יידן שוין מער ניט קיין גע־מיינזאמע געשיכטע. געמיינזאם איז בלויז דער גלות, דאס אפהענגיק זיין. זיי זענען געווען פארשפרייט אין פיל ערטער, גערעדט אויף פיל לשונות, געקומען אין בארירונג מיט פארשידענע קולטורן. דאס יידישע נאציאנאלע שאפן אויף אלע געביטן האט אויפגעהערט צו האבן א באדן אונטער די פיס. די יידן האבן מיטגעטראגן מיט זיך א קולטור און א כאראקטער. זיי האבן פארגעזעצט דאס לעבן לויט די פארמען פון ארץ־ישראל, אבער דאס איז ניט געווען קיין בא־נייונג פון שאפן, דאס איז געווען בלויז א ירושה. די יידן האבן עס צוגעפאסט צו אלץ נייע און נייע גלות־באדינגונגען, אבער דאס איז ניט געווען קיין ניי־פריי שאפן. יידן האבן זיך ניט אסימילירט, ווייל זיי האבן געבראכט מיט זיך אין גלות א שטארק אויסגעשפראכענע נאציאנאלע אייגנארט. זי איז געווען אזוי אנטוויקלט צוליב דעם רייכן סאציאלן, פאליטישן, עקאנאמישן און קולטור־רעלן לעבן אין ארץ־ישראל. דאס איז געווען גענוג, אז ווו יידן זאלן ניט קומען, זאל מען אומעטום זען אין זיי אנדערע און פרעמדע. און ווייל די געזעלשאפט

האָט זיי ניט אַסימילירט, און ווייל די רעליגיע איז געלעגן אין זייער אַרט לעבן — זענען זיי געבליבן איזאָלירט עקאָנאָמיש. זיי זענען געבליבן אָפּגעזונדערט, און דאָס האָט אָפּגעהיט זייער אייגנאַרט. וואָלטן זיי געקומען אין גלות אַלס קאָלאָניזאַטאָרן און געשאַפן אַ נייע ווירטשאַפט, אַ נייעם לעבן, אָנגעהויבן באַציונגען מיט דער אַרומיקער וועלט — וואָלטן זיי געוויס געשאַפן נייעס אין זייער לעבן אונטער דער ווירקונג פון דער אַרומיקער קולטור; וואָלטן זיי זיך ראַדיקאַל געענדערט און וואָלטן ניט פאַרבליבן די זעלבע יידן. עס וואָלט מיט זיי געשען דאָס, וואָס מיט די ענגלענדער, וועלכע זענען אַריבער קיין אַמעריקע און דאָרט, צוליב געענדערטע באַדינגונגען, געבילדעט אַ ניי פאָלק מיט אַ נייער קולטור, אַרט לעבן, געפילן א.א.וו. אָבער יידן האָבן ניט געהאַט די דאָזיקע מעגלעכקייטן. פאַרקערט, די יידישע לעבנס־באַדינגונגען האָבן געבראַכט צו נאָך אַ טיפערער איינוואָרצלונג פון יידישן כאַראַקטער. און דערפאַר גלויב איך ניט אין דער ווירקלעכקייט פון יידישער אַסימילאַציע. ס'איז ניט מעגלעך אַז אַ כאַראַקטער, וועלכן מען טראָגט און אַנטוויקלט במשך פון קנאַפּע 4 טויזנט יאָר, זאָל קענען פאַרשווינדן. די אַסימילאַציע שטעלט אונדז פאַר אַ פּראָבלעם, ווייל מ'קען זיך אַסימילירטערהייט ניט אויסלעבן יידיש און דאָך איז מען יידיש. מען וויל לעבן פריי — און מען לאָזט ניט. און עס איז אַ פּראָבלעם : פאַר יידן — ווי לעבט מען זיך אויס, פאַר די פעלקער — וואָס טוט מען מיטן פרעמדן.

די ביז איצטיקע געשיכטע איז אַ געשיכטע פון קאַמף : פון קלאַסן־קאַמף און נאַציאָנאַלן קאַמף. דער קאַמף רופט זיך שטענדיק אָפּ אויף די יידן, ווייל זיי זענען די פרעמדע און די שוואַכסטע. דערפאַר איז ניט אינגאַנצן ריכטיק די מיינונג, אַז אַנטיסעמיטיזם איז אַ זאַך פון מיטל־שטאַנד. ער באַהערשט אַלע שיכטן, וועלכע קעמפן צווישן זיך. יעדער קלאַס האָט פיינט די יידן אויף זיין שטייגער, ווייל יעדערן שטערן די יידן אויף אַן אַנדער שטייגער.

יעדע פאָלקס־אייגנאַרט איז אַ פאָלגערונג פון דער געשיכטע. זי איז אַ גייסטיקע דערשיינונג, אָבער דאַרף און מוז זיך פאַרווירקלעכן אין אַ מאַטעריעלן אויסדרוק. אַ פאָלק ווערט אַנטוויקלט, האָבנדיק באַציונגען מיט דער אַרומיקער וועלט. די שפּראַך פון פאָלק האָט אַ באַדייטונג אויף וויפיל זי פאַרווירקלעכט זיך אין אויסדרוק. אויב מען נוצט זי ניט, ווערט זי טאַקע אַ פּראָבלעם אַנשטאָט אַ הילף פאַרן פאָלק. אויב אַ פאָלק האָט אַ שפּראַך — מוז זי ווערן גענוצט. און אויב מען ווינט צווישן פרעמדע, מען פאַרשטענדיקט זיך אויף פרעמדע שפּראַכן — ווערט זי ניט גענוצט און מוז פאַרגעסן ווערן.

עס איז דאָ אַ טעאָריע, אַז יידן זענען ניט פעיק צו מיליטערישע טאַטן, ווי איבערהויפּט צו פיזישע טאַטן, ווייל זיי זענען לאַנגע יאָרן געווען דערוויי־טערט פון דעם. יידן, האָט מען געזאָגט, זענען נאָר אַ פאָלק פון גייסט. אָבער די יידישע געשיכטע באַווייזט, אַז אַזעלכע קעמפער, ווי די יידישע, וועלכע זע־נען ארויסגעטראָטן קעגן פיל שטאַרקערע קעגנער, זעגען געווען וויינִיק. אין דער גאַנצער צייט פון גלות האָבן די יידן פשוט ניט געהאַט קיין נויטווענדי־קייט און מעגלעכקייט צו דעם. אַ פאָלק שאַפט טאַקע אַן אינהאַלט, אָבער עס איז ניט ריכטיק, אַז עס קען זיך האַלטן נאָר איין היסטאָריש־געשאַפענער אינהאַלט. דאָס איז ניט ריכטיק אַפּריאָרי. ס'איז אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען מיט וועל־כע דאָס פאָלק טרעפט זיך. אויפן סמך פון דעם שאַפט דאָס פאָלק אַזאַ אָדער אַן אַנדער אינהאַלט. יעדעס פאָלק איז פעיק צו פיזישער אַרבעט. אָבער פונ־דעסטוועגן וועט יעדעס פאָלק אויספילן די אַרבעט אויף פאַרשידענע אופנים. דאָס נאַציאָנאַלע איז ניט קיין נאַטור־אייגנאַרט, נאָר אַ היסטאָרישע אייגנאַרט. דאָס אַלגעמיין מענטשלעכע דריקט זיך אויס אַלעמאָל אינדיווידועל. דאָס מוז אַלעמאָל האָבן אַ פאָרם. אַן אַ פאָרם קען קיין זאַך ניט דערשיינען. דאָס אַל־געמיין־מענטשלעכע איז אַן אינהאַלט, דאָס נאַציאָנאַלע איז אַ פאָרם. און אַזוי ווי אָן אַ פאָרם קען קיין זאַך ניט דערשיינען — קען דאָס אַלגעמיין־מענטשלעכע ניט עקזיסטירן אָן אַ נאַציאָנאַלער פאָרם.

ס'איז ניט ריכטיק, ווי אַ טייל האַלט, אַז אַ נאַציע — דאָס איז נאָר אַ גייסטיקע צוגעהעריקייט. אַ ייד געהערט צום יידישן פאָלק אומאָפּהענגיק פון זיין ווילן, ער טראָגט דעם גורל פון פאָלק און איז פאַראַנטוואָרטלעך ווי זיין גאַנץ פאָלק. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער פאַרטושט זיין איך, — בלייבט ער דאָך ע ר. יעדער מענטש האָט זיין מענטשלעכן א י ך, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין משך פון דער געשיכטע און איז נאַציאָנאַל. דער מענטש קען זיך פון זיין נאַציאָנאַלער צוגעהעריקייט ניט באַפרייען.

די געשיכטע שאַפט נאַציעס. דאָס נאַציאָנאַל זיין איז אַ גורל, אַזוי ווי דאָס מענטש זיין איז אַ גורל. דאָס נאַציאָנאַלע איז אַ מענטשלעכע אַנטוויק־לונגס פאָרם. דאָס אַלגעמיין־מענטשלעכע לעבן מאַכט ניט יעדן אויס אינדיווי־דועל. דער מענטש האָט אַן אינהאַלט, ער האָט אָבער אַן דעם נאַציאָנאַלן ניט קיין פּנים. דאָס אינטערנאַציאָנאַלע איז ניט אַנטי־נאַציאָנאַל.

יידן האָבן אַן אויסגעשפּראָכענע אייגנאַרטיקייט, און שטייען פאַר אַ נאַציאָ־נאַלן פּראָבלעם און פאַר אַלעמען וואָס טרעפן זיך מיט אים, שטעלט זיך די

פראַגע: וואָס כאַראַקטעריזירט אַ פאָלק ? איז אַ שפּראַך אַ סימן פון אַ פאָלק ? איז אַ מדינה אַ סימן ? ניין. ווייל אַפילו אַז אַ פאָלק פאַרלירט אַט די ביידע איז עס אויך אַ פאָלק. אָבער דאָס זענען באַדינגונגען צו ווערן אַ פאָלק און זיי זענען גויטיק כדי ער זאָל געשאַפן ווערן. יידן זענען אַ פאָלק, האָבן אַמאָל געהאַט אַ לאַנד, געוועזן שפּעטעריש אין לאַנד און געשאַפן דאָרט אַ קולטור, געהאַט אַ שפּראַך אין וועלכער זיי האָבן געשאַפן.

ס'איז דאָ אַ ויכוח ביי יידן : וואָס איז דאָס יידישע פּראָבלעם ? איז דאָס אַ פּראָבלעם פון יידנטום, יידיש זיין, צי פון יידן ? מען קען דאָס ניט אָפּזונדערן. עס איז אַ פּראָבלעם פון יידנטום און יידן. עס איז ניטאָ קיין באַזונדערע יידנטום־פּראַגע און יידן־פּראַגע. דאָס איז איין און דער זעלבער פּראָבלעם. מיר זענען אין לענדער, אָבער מיר האָבן ניט קיין לאַנד. און עס קען ניט זיין קיין פראַגע פון יידישער קולטור אַן אַ יידיש לאַנד. דערפאַר זענען מיר אין יעדן פרעמדן לאַנד — פרעמדע יידן. דאָס, וואָס מיר זענען אַן אַ לאַנד, וואָס מיר האָבן ניט קיין זעלבסטשטענדיקייט, וואָס מיר האָבן ניט אַלע נאָרמאַלע קלאַסן, — דאָס אַלץ איז וויכטיק ביים צוגיין צו די פאַרשידנסטע טעאָריעס וועגן יידן־פּראָבלעם.

## שמעון דובנאָוו

איך וויל אייך היינט באַקאַנען מיטן גערדאַנקען־גאַנג פון שמעון דובנאָוו. וועלכער האָט אָפּגעשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן געדאַנק. דובנאָוו איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1860 און דערהרגעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן אין 1942. ער איז געווען אַ היסטאָריקער. ער האָט אָנגעשריבן אַ פיל־בענדיקע יידישע געשיכטע און האָט דער ערשטער אָנגעשריבן אַ ספּעציעלן ווערק וועגן חסידיזם (געשריבן האָט ער דאָס אין עברית). חוץ דעם איז ער געווען טעטיק אַלס פּובליציסט. דובנאָוו האָט אָנגעהויבן אַלס אַסימילאַטאָר, האָט געשריבן אין „וואָסכאָד“, ניט פאַרנעמענדיק זיך מיט יידישע פראַגן. שפּעטער אָבער האָט ער זיך אַז זיי אָנגעשטויסן. די געשעענישן פון די 80־ער יאָרן האָבן אים, ווי פיל אַנדערע, דערשיטערט און דאָס האָט באַשטימט זיין ווייטערדיקן וועג. ער האָט געהאַט פון פריער אַ נייגונג צו געשיכטע־פאָרשונג. ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף דער פראַגע פון

יידישער עקזיסטענץ און האָט רעפּרעזענטירט דעם געדאַנק פון אווטאָנאָמיזם. יידן זענען, לויט אים, אַ גייסטיקע נאַציע און אַלס אַזעלכע דאַרפן זיי פאַר־זעצן זייער לעבן און אַנטוויקלונג אין גלות, אין אַ גייסטיקער אווטאָנאָמיע. מיט דעם געדאַנק זענען דורכגעדרונגען אַלע זיינע ווערק. דובנאָוו האָט זייער טראַגיש געענדיקט. ער איז אומגעקומען פון די הענט פון די פאַשיסטן. צוזאַמען מיט אים איז אומגעקומען די האָפענונג אויף אַ יידיש לעבן אין אייראָפּע.

עס איז דאָ אַ געוויסע אַנאַלאָגיע צווישן דובנאָוון און מענדעלסאָנען מענדעלסאָנס קינדער האָבן געענדיקט מיט שמד, דובנאָווס יורשים זענען אויך דערווייטערט געוואָרן פון יידנטום.

אַ פּאָליטישן אויסדרוק האָבן דובנאָווס אידייען געפונען אין דער פאָלקיס־טישער פּאַרטיי, כאָטש ער אַליין איז ניט שטענדיק געווען אַ פאָלקיסט. אויך דער „בונד" האָט געמיינזאַמס מיט דובנאָוון — די אויפפאַסונג פון דער קולטור־רעלער אווטאָנאָמיע. זיינע אידייען האָט דובנאָוו אויסגעדריקט אין זיין ווערק „פּיסמאַ אָ סטאַראָם אי נאָוואָם יעווריייסטווע" (בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום). די נאַציע זעט ער אַלס אַ היסטאָריש־קולטורעלע געמיינשאַפט, וואָס אירע מיטגלידער האָבן אַ בשותפותדיקע אָפּשטאַמונג (פון איין ראַסע), באָדן, שפּראַך, מדינה. לויט אים זענען דאָ דריי פּעריאָדן אין דער אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק: א) די ראַסישע, נאַטירלעכע דערשיינונג; ב) אַ העכערע שטופע פון אַנטוויקלונג — די טעריטאָריאַל־פּאָליטישע דערשיינונג; ג) די העכסטע — די גייסטיקע, קולטורעל־היסטאָרישע דערשיינונג. די יידן זענען אַזוי אַרום דער־גאַנגען צו דער העכסטער שטופע. אַ פאָלק וואָס איז איבערגעגאַנגען די אַלע פּעריאָדן, נויטיקט זיך אין אַן אויטאָנאָמיע: פּאָליטישע, אָדער געזעלשאַפט־לעך־קולטורעלע. דער עיקר־פּרוו־שטיין פון אַ פאָלק איז זיין זעלבסט־באַוווסט־זיין אַז עס איז אַ פאָלק. רעאַל אַנטפּלעקט זיך דאָס באַוווסטזיין אין פאָלקס־ווילן צו פאַרהיטן די אייגענע עקזיסטענץ. אויב מען קען זיך אַלס פאָלק — הייסט דאָס, אַז מ'איז אַ פאָלק. אויב ס'ווערן ביי אַ פאָלק צוגענומען די מאַ־טעריעלע פאַרטיידיקונגס־מיטלען — אַנטוויקלט זיך מער זיין אינערלעכע אי־מוניטעט־קראַפט. דאָס זעט דובנאָוו אַלס מעלה. דאָס יידישע פאָלק, וואָס איז צוגעפּאַסט צו די אַלע תנאים, איז דער העכסטער טיפּ פון אַ פאָלק. די היס־טאָרישע אַנטוויקלונג האָט פאַרשטאַרקט זיין וויטאַליטעט, עס וועט ממשיך זיין זיין עקזיסטענץ, כאָטש אין פאַרשידענע פאָרמען.

דאָס יידישע פאָלק עקזיסטירט אַלס גייסטיקע נאַציע אין באַוווסטזיין פון

רוב פונם פאָלק. דאָס רוב פאַרשטייט זיך אַלס גייסטיקע רעליגיעזע אומה. דאָס איז דערפאַר, ווייל די רעליגיע האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון יידישן גייסטיקן לעבן. דובנאָוו פאָדערט אַ וועלטלעכע סעקולאַריזאַציע אין יידישן גייסטיקן לעבן, אָפּטיילן די רעליגיע פון יידישן גייסטיקן לעבן. די נויטווענדיקע סעקולאַריזאַציע אין יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק וועט ברענגען אָנשטאָט דעם רעליגיעזן באַוווסטזיין פון פאָלק — אַ היסטאָריש־קולטורעלן באַוווסטזיין.

דאָס פאַרלייקענען די יידישע נאַציע איז אַ פּראָדוקט פון אַסימילאַציע — אַן אויסדרוק פון ווילן צוצופּאַסן זיך צו די הערשנדע קלאַסן און עקזיסטירט נאָר אין אַ קליינעם טייל פון פאָלק. דאָס יידישקייט איז אַ שאַפונג פון דער יידישער קולטור און דערנענטערט צו דער אַלמענטשלעכער קולטור אויפן יסוד פון אַנטוויקלונג און ניט פון רעליגיעזער טראַדיציע. זי בילדעט זיך אַלס יידישע נאַציאָנאַלע קולטור. די יידישע נאַציאָנאַליטעט איז מער ווי ביי אַלע פעלקער אַן אויסדרוק פון נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט און האָט אַמווייניקסטנס מיט אַלע פעלקער בשותפותדיקס מיט נאַציאָנאַלן עגאָיזם.

די געדאַנקען האָט דובנאָוו פאָרמולירט מיט 50 יאָר צוריק. אין משך פון די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן זיך די דאָזיקע אידייען אַנטוויקלט, אָבער אַלץ אין איין ריכטונג. ער באַציט זיך קריטיש צו אַלע אַנדערע אויפפאַסונגען : צו דער אַסימילאַטאָרישער, צו דער רעליגיעזער און צו דער ציוניסטיש־טעריטאָריאַליסטישער. דובנאָוו האָט געהאַט זיין אויפפאַסונג און אַרויסגייענדיק פון איר האָט ער געשריבן די יידישע געשיכטע. אין זיין געשיכטע־פאָרשונג ווייזט ער אָן, אַז די יידישע געשיכטע איז איינגעטיילט אין גייסטיקע תקופות, אַז יידן האָבן שטענדיק געהאַט אַ גייסטיקן צענטער. אין אָנהויב איז דער צענטער אַ לאַנגע צייט געווען ארץ־ישראל. דערנאָך ווערט דער צענטער בבל. האָבנדיק דעם נייעם גרויסן גייסטיקן צענטער האָבן זיך די יידן ווייטער אַנטוויקלט אַלס פאָלק. נאָכן צעשטערן פון צענטער אין בבל אַנטשטייט אַ יידישער צענטער אין שפּאַניע, וווּ די יידישע קולטור בליט אויף פונדאַסניי. אויף אַזאַ אופן איז געשאַפן געוואָרן דער פּויליש־רוסישער צענטער. אין די לעצטע צייטן דעגענערירט דער דאָזיקער צענטער און עס אַנטשטייט אַ זייער גרויסער צענטער — אַמעריקע. אויך ארץ־ישראל, דער נייער ישוב, איז איינער פון די היסטאָרישע יידישע צענטערן און האָט אַ געוויסע באַדייטונג פאַר דער יידישער גייסטיקער אַנטוויקלונג.

אין איינקלאַנג מיט דער דאָזיקער טעאָריע רופט דובנאָוו אָן זיין געשיכטע „די וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק“.

צווישן דער אויפפאַסונג פון יידן אַלס גייסטיקע נאַציע און צווישן דער ציוניסטישער אויפפאַסונג ליגט די אויפפאַסונג פון אחד־העם.

וואָס איז ריכטיק אין דובנאָווס אויפפאַסונג ? דאָס געמיינזאַמע פון אַ פאָלק איז ניט בלויז דאָס לאַנד, די אָפּשטאַמונג, די ראַסע א. א. וו. עס עקזיסטירט אויך אַ נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט, עס עקזיסטירט אַ גייסטיקע געמיינזאַמ־קייט פון אַ פאָלק. אָבער דאָס איז נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון עפּעס ממשותדי־קערס, פון דער אינדיווידואַליטעט, וואָס עקזיסטירט אין רעאַלן לעבן. און מען קען ניט אָפּרייסן די גייסטיקע זייט פון איר ממשותדיקן אונטערשפּאַר. אַ נאַ־ציע האָט אַן אופן פון אָפּפילן, פון רעאַגירן, פאַרשטיין, אָבער דאָס איז ניט קיין אידיי — דאָס איז אַ ממשדיקע מאַטעריעלע זאַך. יידן האָבן אַן אייגנאַר־טיק־שווערע עקזיסטענץ, דאָס איז אַן אומגליק. יידן האָבן בשותפותדיקע באַ־גריפן, אָבער זיי קענען זיי ניט פאַרווירקלעכן אין לעבן און דאָס איז אַ נויט, אַ חסרון. אַזוי אויך אַ שפּראַך. ס'איז אַ שטאָפּל פון אַנטוויקלונג. אויב מען באַ־זיצט איין שפּראַך. און וואָס רייכער אין אויסדרוק די שפּראַך איז — אַלץ ווענן אַ גרעסערער אַנטוויקלונג זאָגט זי עדות. אָבער זי האָט נאָר דאַן אַ באַדייטונג, ווען מען באַנוצט זיך מיט איר. אויב אָבער זי בלייבט נאָר אַ צייכן פון דעם, אַז מען האָט אַמאָל אין איר געשאַפן, אויב זי בלייבט נאָר אַן אידיי — איז דאָס אַ נויט און ניט קיין אַנטוויקלונגס־שטופע.

אַז מען פאַרלירט דאָס לאַנד, די מדינה, די שפּראַך — פאַרלירט מען די מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן אין דער אייגענער אייגנאַרט. יידן ליידן ניט נאָר גייסטיק, נאָר אויך מאַטעריעל. זיי האָבן מער ניט קיין באַציונג צו דער ערד, פאַרלירן אַלע מאַטעריעלע פּיליטיקע באַציונגען פון הערשאַפט פון מענטשן איבער דער נאַטור, פון שאַפן. אויב מ'זאָגט, אַזוי ווי דובנאָוו, אויב מען זעט ניט די מעגלעכקייט דאָס צו ענדערן, און מען האַלט ניט פאַר נויטיק דאָס צו ענדערן, הייסט דאָס — שאַפן אַ באַרעכטיקונג פאַר אונדזער אומנאָרמאַלן לעבן, וועלכער איז אַן אומגליק און ניט קיין העכערע שטופע פון אַנטוויקלונג. ניט דערפאַר איז דאָס אַ נויט ווייל אַנדערע פעלקער האָבן יאָ אַ לאַנד און אַ שפּראַך, נאָר דערפאַר ווייל די גייסטיקע אַנטוויקלונג איז דורך דעם געפּענ־טעט, ווייל דאָס איז אַ שטערונג אין דער אַנטוויקלונג. עס איז דערפאַר אַ קרענקלעכע שטופע פון אַנטוויקלונג און ניט קיין העכערע. דאָס בלויז קראַנק זיין מאַכט נאָך ניט געזונט, דאָס אָפּהענגיק זיין מאַכט נאָך ניט זעלבסטשטענ־דיק. אַ נאַציע איז ניט נאָר אַ גייסטיקע דערשיינונג — בלויז אַ גייסטיקע דער־

שיינונג קען בכלל ניט עקזיסטירן — דערפאר מוז זי האבן א מאטעריעלן פונדאמענט. דער פראגראם פון די דובנאוויסטן איז געווען: קאמף פאר אויטאנאמיע, פאר שולן אין דער אייגענער שפראך, פאר אן אייגענעם געריכט, פאלקס־קאמיטעטן א. ד. גל. אין יעדן לאנד, ווו יידן געפינען זיך.

יידן האבן שוין אין געוויסע לענדער דערגרייכט א נאציאנאלע אויטאנאמיע און עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז יירן האבן גאר ניט וואס צו טאן מיט זייער אויטאנאמיע, אין פרעמדע לענדער. יידן ווילן גארניט גיין אין יידישע שולן, ווייל מיט דער יידישער שפראך האבן זיי זיך ניט ווו א ריר צו טאן, ווייל זיי מוזן קומען אין באציונגען מיט טויזנטער ניט־יידן. כדי די יידן זאלן זיך מיט זיי קענען פארשטענדיקן ווילן זיי באקומען פון דער שול די אומגאנגס־שפראך פון לאנד. קיינער וויל ניט זיין קיין פרעמדער. דעריבער קענען די יידן ווידמען זייער שפראך בלויז א קליינע צייט; דאס מאכט שוין אויך די אנטוויקלונג פון מענטשן מער קאמפליצירט. וואס טויג דעם יידן די אויטאנאמיע, אז ער האט גאר צו איר קיין צייט ניט. און פון דער צווייטער זייט — דער אנטיסעמיטיזם.

דאס גייסטיקע איז א באציונג פון מענטש צו מענטש און פון מענטש צו דער וועלט. נאר אויב דאס איז אפגעטיילט פון מאטעריעלן איז דאס נאר א געדאנק און פון דעם קען מען ניט לעבן. דובנאוו אליין האט קיין באשטימטע שפראך ניט געהאט. ער האט געשאפן אין רוסיש און נאר א ביסל געשאפן אין יידיש אדער עברית. ניט די יידישיסטן, ניט די העברעיסטן זענען געווען צופרידן פון אים.

די גייסטיק־נאציאנאלע אייגנארט הערט אויף צו שאפן, אויב זי האט ניט אונטער זיך א ניי לעבן. און דאס שאפן אין גלות איז נאר קאנסערווירונג פון דעם, וואס איז געווען אמאל. א נאיצאנאל־קולטורעלע אויטאנאמיע מוז זיין טראדיציאנאליסטיש, קאנסערוואטיוו, אזעלכע זענען יעדנפאלס די הויפט־דערשיינונגען.

נאציאנאל־קולטורעלע אויטאנאמיע איז אן אוטאפיע. א י ן א י ר פ א ר ו ו י ר ק ל ע כ ו נ ג ל י ג ט א י ר צ ע ש ט ע ר ו נ ג, ווייל זי איז אפגעריסן פון א מאטעריעלן באדן. אמת איז, אז יידן האבן לאנגע יארן זיך אויסגעלעבט גייסטיק און האבן פארהיט זייער אייגנטארט, אבער אויך צו דעם איז געווען א מאטעריעלער באדן: דאס יידישע געטא, די יידישע באזונדערקייט, די יידישע פרנסות און דאסגלייכן. א דאנק דעם איז מענלעד געווען ניט נאר דאס יידיש זיין און ניט־אנדערש זיין, נאר אויך דאס פאר־

זעצן פון יידישן גייסטיקן לעבן. די פראגע פון נאציאנאל־קולטורעלער אויטאנאמיע, איז אויפגעוועקט געווארן דאן, ווען עס איז איבערהויפט געשטעלט געווארן די פראגע פון דער יידישער עקזיסטענץ. אין סוף ניינצעטן יארהונדערט איז געשאפן געווארן אזא לאגע, אז יידן זענען געווארן אומעטום איבעריקע.

אין דער צייט ווען עס איז אנטשטאנען דער „בונד" און ווען דובנאוו האט פראקלאמירט זיינע אידייען, איז אויך גערופן געווארן דער ערשטער ציוניסטישער קאנגרעס. עס איז רייף געווארן די פראגע פון לייזן דאס יידישע פראבלעם. איינע פון די אוטאפישסטע לייזונגען איז געווען די נאציאנאל־קולטורעלע אויטאנאמיע, וועלכע איז ארויסגעגאנגען פון א פאלשער הנחה. יידן זענען ניט קיין אידייע. זיי זענען א פאלק — אנטוויקלט פיזיש, גייסטיק און פסיכיש. זייער פיזישער אויסזען איז ניט וויניקער וויכטיק ווי דער גייסטיק־פסיכישער. די פעלקער אנטוויקלען זיך פון לאנד, מדינה — צו גייסט. וואס מער א פאלק איז אנטוויקלט — אלץ נויטיקער איז אים מלוכהשע זעלבסטשטענדיקייט. ניט גאר א לעבן אין גייסט, ווייל אין דער זעלבסטשטענדיקייט ווערט דער אינהאלט פון גייסט פארווירקלעכט. וואס מער א פאלק איז גייסטיק — אלץ שווערער איז אים איבערטראגן פרעמדע הערשאפט. איך גלויב אז עס וועט אמאל זיין א ראטן־פארבאנד פון אלע פעלקער אין דער וועלט, אבער יעדעס פאלק וועט האבן זיין פאליטישע זעלבסטשטענדיקייט און וועט ניט אונטערליגן דער הערשאפט פון אן אנדער פאלק. דעם וועג איז אויך דורכגעגאנגען דער ראטן־פארבאנד און ער האט געמוזט קומען צום געדאנק פון א יידישער טעריטאריע. אבער ביראבידזשאן האט זיך אויסגעלאזט פונקט אזוי, ווי די עמאנסיפאציע.

דאס נאציאנאלע איז ניט קיין שטופע, וועלכע מען גייט אריבער. וואס מער עס אנטוויקלט זיך די קולטור און דער מענטש — אלץ מער אנטוויקלט זיך די נאציאנאלע אייגנארט. דובנאווס אידייען זענען געווען א פרווו צו ראטעווען אונדזער אייגנארט אן רעוואלוציאנערע אנשטרענגונגען. דאס איז געווען א צופאסונג צום גלות.

## דער „בונד"

דער „ב ו נ ד" איז איינער פון די הויפט־פארמען פון דער יידישער ארבעטער באוועגונג, די ערשטע סאציאליסטישע באוועגונג אויף דער יידישער גאס. מיר דארפן אפשאצן די היסטארישע באדייטונג פון „בונד", אבער מיר

דארפן זיין באוואפנט אין קאמף קעגן אים. מיר דארפן אים קענען באקעמפן, טראָץ דער אכטונג, וועלכע מיר קענען פאר אים האבן. דער „בונד" וויל איינרעדן זיך און אנדערע, אז די יידישע ארבעטער באוועגונג איז געווען א בונדיסטישע. ס'איז ניט אמת. פון אנהויב אן האט מען פארשידן פארייניקט דעם ציוניסטישן געדאנק מיטן סאציאליסטישן. עס האט דאס געטאן משה העס און מיר טרעפן דאס אפילו ביי לאסאלן. ליבערמאן איז געווען איינער פון די ערשטע טרעגער פון סאציאליזם ביי יידן און ער איז געווען אויך טיף אציאנאל געשטימט. ער האט ארויסגעגעבן די ערשטע סאציאליסטישע צייטונג ביי יידן אין עברית — „האמת". לאסאל האט געזאגט, אז די סאציאליסטישע באוועגונג איז א פארייניקונג פון ארבעטער קלאס מיט דער וויסנשאפט. אנדערש געזאגט — די פארייניקונג פון ארבעטער קלאס מיט א סאציאליסטישער אינטעליגענץ גיט א סאציאליסטישע באוועגונג. סאציאליסטישע אידייען זענען אנטשטאנען פריער ווי דער ארבעטער קלאס, אבער ערשט צוזאמען האבן זיי געגעבן א באוועגונג.

ציוניזם און סאציאליזם זענען ביי יידן געבוירן געווארן צוזאמען, אין דער זעלבער צייט, און אפט ביי די זעלבע מענטשן. אין דעם זעלבן יאר 1897 איז פארגעקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאנגרעס און די גרינדונגס־קאנפערענץ פון „בונד". אין דער זעלבער צייט איז שוין געווען סירקין, מיט זיין ציוניסטיש־סאציאליסטישער אויפפאסונג. שוין צווישן די ערשטע ציוניסטן זענען געווען סאציאליסטן און ארבעטער.

איך מיין, אז די גרעסטע זינד פון „בונד" איז דאס, וואס ער האט אוועקגעשטעלט א שייד־ליניע צווישן דעם סאציאליזם און ציוניזם.

דער „בונד" איז געווען א גרויסע באוועגונג, דאס איז געווען די ערשטע ארגאניזירטע סאציאליסטישע ארבעטער־פארטיי אין רוסלאנד, וואס איז אנטשטאנען אין ווילנע און האט זיך שנעל פארשפרייט איבערן גאנצן לאנד. קיין רוסישע סאציאליסטישע ארבעטער־פארטיי איז נאך ניט געווען. עס זענען געווען סאציאליסטישע ארגאניזאציעס פון אינטעליגענטן, וואס האבן זיך אריענטירט אויף דער מערהייט פון ארבעטנדיקן רוסלאנד. א סאציאליסטישע פארטיי איז ארגאניזירט געווארן ערשט אין 1898. דער צוזאמענפאר איז ארגאניזירט געווארן דורך א בונדאוויעץ — א ר ק א ד י  ק ר ע מ ע ר.

דער „בונד" איז אריין אין ר.ס.ד.ר.פ. (רוסישע סאציאל־דעמאקראטישע

ארבעטער־פּאַרטיי) אַלס אויטאָנאָמע פּאַרטיי. דער „בונד" איז געווען פון ערשטן מאָמענט אָן מאַרקסיסטיש. נאָך פריער זענען געווען יידישע סאָציאַליסטן אין „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך ניט אָריענ־טירט אויף אַרבעטער דוקא און בעיקר ניט אויף יידישע, נאָר האָבן געמוזט גיין צום פאָלק — צום רוסישן פויער. דער „בונד" האָט זיך דער ערשטער גע־שטיצט בעיקר אויף אַרבעטער און דוקא אויף יידישע אַרבעטער. ער איז געווען שטאַרק מיט דעם, וואָס ער האָט זיך געשטיצט אויף אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס. אָנגעהויבן האָט ער פון אַרבעטער־קאַסעס אויפן פאַל פון קראַנקהייטן און בעיקר אויפן פאַל פון אַ שטרייק. דער „בונד" האָט אין דער ערשטער תקופה געפירט אַ שטאַרקן שטרייקן־קאַמף. ער האָט בכלל געהאַלטן פון עקאָנאָמיזם, דאָס האָט געפונען אַן אויסדרוק אין איינער פון די ערשטע אַרבעטער־בראָשורן אין רוסלאַנד „אַגיטאַציאַ אי פּראָפּאַגאַנדאַ" פון א. קרעמער. די פראַגע פון עקאָ־נאָמיזם האָט אויפגעוועקט אַ גרויסע טעאָרעטישע דיסקוסיע, אין וועלכער ס'האָט אַנטייל גענומען אויך לענין. די אויפפאַסונג, אַז די אַרבעטער קענען פירן דעם קלאַסן־קאַמף נאָר דורכן עקאָנאָמישן קאַמף, און אַז דער פּאָליטישער קאַמף איז נאָר אַ באַגלייטער פון עקאָנאָמישן — איז אַ שטענדיקע געפאַר פאַר דער אַר־בעטער־באַוועגונג, ווייל זי קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ריין עקאָנאָמישער באַ־וועגונג. דער קאַפּיטאַליזם איז אַ סיסטעם; קעגן אַרבעטער שטייט ניט נאָר דער איינצלנער קאַפּיטאַליסט, נאָר מיליטער, פּאָליציי, באַאַמטע, אַ גאַנצער פּאָלי־טישער סיסטעם, — און קעמפן קעגן אים דאַרף מען אויך מיט פּאָליטישע מיטלען.

דער „בונד" האָט געהאַט אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַטארישע קראַפט, ער האָט געפירט אַ גרויסע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן אין די שטעט און שטעטלעך, און ער האָט פיל דערגרייכט. דער „בונד" האָט פון אָנהויב אָן געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג, ווייל ער איז געווען אַ רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד, אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ביי יידן. ביזן יאָר 1904—1905 איז ער אַלץ מער געוואַקסן און עס האָט זיך אָן אויפהער פאַר־גרעסערט זיין באַדייטונג. דער „בונד" האָט געפירט אַן עקאָנאָמישן קאַמף פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, אָבער דער יידישער אַרבעטער האָט געאַרבעט ביי דעם קליינעם יידישן אַרבעטס־געבער, ביי וועלכן מ'האָט פיל נישט געקענט באַקומען, ווייל ער וואָלט אַליין אונטערגעגאַנגען. די יידישע אַרבעטער דער־גרייכן פיל, אָבער דאָס איז בלויז אין צייטן פון סעזאָנען, ס'איז ווי שוואַמען

נאָך אַ רעגן — אַ צייטווייליקע דערשיינונג. גייט אַריבער דער סעזאָן — פאַלט אַלץ ווידער, ביז עס קומט אַ נייע שטרייק־כוואַליע.

באַראַכאָוו האָט באַוויזן, אַז די יידן האָבן אין די 80־ער יאָרן אַממערסטן געשטרייקט, אַממערסטן דערפאָלג געהאַט אין דעם, אָבער אַמווייניקסטן נוצן. פון דאַנען נעמט זיך באַראָכאָווס לערע וועגן דער אומנאָרמאַלער סטראַטעגישער באַזע פון יידישן אַרבעטער.

די רעגירונג האָט געקעמפט קעגן „בונד", ווי קעגן אַלע אַרבעטער־באַוועגונגען. אונטערגעשטיצט אים האָבן גרויסע מאַסן פון אינטעליגענץ, די לערן־יוגנט, און אפילו די ברייטע מאַסע פון דער קליין־בורזשואַזיע, וועלכע איז געווען ליבעראַל־דעמאָקראַטיש געשטימט און איז געווען פאַראינטערעסירט אין קאַמף פון „בונד" פאַר גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן און פאַרן אָפּשאַפן דעם „תחום המושב". אַרום דעם „בונד" האָבן זיך קאָנצענטרירט, אַ חוץ אַרבעטער, גרויסע קרייזן סימפּאַטיקער. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען ספּעציעל שטאַרק פאַרפאָלגט דורך דער פּאָליציי צוליב דעם וואָס קעגן איר איז געווען לייכטער צו קעמפן. ס'האָט זיך געשאַפן אַ נייער טיפּ ייד, אַ ייד — אַ קעמפער. ס'איז כאַראַקטעריסטיש אַז נאָר אין איין יאָר, אין 1904, זענען געווען פיל אַרעסטירטע און פאַרשיקטע קיין סיביר בונדיסטן. די רעגירונג האָט געוואָלט זען אין „בונד" די הויפּט־סיבה פון דער רעוואָלוציע, און קעגן אים איז געווען אַמלייכטסטן צו קעמפן.

איינער פון די מיטלען איז געווען אָפּרייסן די אינטעליגענץ פון די אַרבעטער. די רעגירונג האָט זיך אויך באַמיט צו באַקעמפן דעם „בונד" דורך דער „זובאַטאָוושטשינע", וועלכע האָט אַריינגענומען אין זיך אַ טייל געוועזענע בונדיסטן, ווי אויך פּועלי־ציון און אַנדערע. זובאַטאָוו, וועלכער איז פריער געווען אַ רעוואָלוציאָנער, דערנאָך געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר, האָט לויטן באַפעל פון דער רעגירונג געשאַפן אַ באַוועגונג, וועלכע האָט געטענהעט, אַז די אַרבעטער דאַרפן ניט קעמפן פּאָליטיש קעגן דער רעגירונג, נאָר דאַרפן זיך באַגנוגענען מיט עקאָנאָמישן קאַמף. דאָס האָט געפונען אַ גוטן באָדן ביי די, וועלכע האָבן געהאַלטן פון עקאָנאָמיזם. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לעגאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע, מינסק, אָדעס, וועלכע איז דערנאָך ליקווידירט געוואָרן דורך דער רעגירונג. צוליב זובאַטאָווס פּראָוואָקאַציע איז אין 1898 אַרעסטירט געוואָרן די גאַנצע אָדעסער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" און עס איז ליקווידירט געוואָרן די צענטראַלע דרוקעריי פון „בונד" אין באָברויסק. די „זובאַטאָוושטשינע" האָט זיך

טרויעריק געענדיקט. איר פארזעצונג איז געווען די באוועגונג פון גלח גאפאן, וועלכע איז איבערגעוואקסן די פריערדיקע פלענער פון דער רעגירונג. זי האט זיך געענדיקט מיטן צעשיסן די ארבעטער־דעמאנסטראציע אין פעטערבורג דעם 9־טן יאנואר 1905 יאר, וועלכע איז געווען אן אנהויב פון דער רעוואלוציע אין רוסלאנד. נאך דעם אלעמען האט דער „בונד" ערשט פארשטאנען די נויטווענדיקייט פון פאליטישער ארבעט. אויב אין אנהויב האט ער געפירט אן עקאנאמישן קאמף און אן עקאנאמישן טעראר, האט ער אויף זיין דריטן צוזאמענפאר אנגענומען א מאטיווירטע רעזאלוציע קעגן טעראר.

דער דריטער מיטל, וואס די רעגירונג האט באנוצט צו באקעמפן דעם „בונד" איז געווען דאס העצן דעם המון קעגן יידן, דאס ארגאניזירן פאגראמען. איין עפיזאד פון דעם איז געווען קישינעוו. דער פערטער מיטל פון דער רעגירונג איז געווען דאס פשוטע פארפאלגן דעם „בונד" מער פון אלע אנדערע ארבעטער־ארגאניזאציעס.

נאך הירש לעקערטן, וואס האט, וועלנדיק נקמה נעמען פארן שמייסן יידישע ארבעטער — אנטיילגענומען אין א מאי־דעמאנסטראציע (פארן באליידיקן דעם יידישן כבוד, — ווייל נאר יידישע ארבעטער האט מען געשמיסן) געשאסן אין ווילנער גובערנאטאר פאן־וואל און איז דערפאר אויפגעהאנגען געווארן; נאך פנחס דאשעווסקין, א חבר פון פועלי־ציון, וואס האט אויסגעפירט אן אטענטאט אויף קרושעוואנען — דעם ארגאניזאטאר פון קישינעווער פאגראם — איז אנטשטאנען אן אלגעמיינע יידישע ארגאניזאציע „מאלאדוי יזראיל" („דער ייגנער ישראל"), וועלכע האט זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע דורכצופירן נקמה־טעראר פאר יידן־רדיפות. מיטגלידער פון אלע פארטייען האבן אנטיילגענומען אין איר, אבער די פארטייען האבן די ארגאניזאציע און אירע טאטן ניט אונטערשטיצט.

די צארישע פארפאלגונגען האבן דעם „בונד" ניט צעבראכן. ער האט זיך נאר וואס ווייטער אלץ מער פארשטארקט. ער האט אפגעשפילט א וויכטיקע ראל אין ארגאניזירן די זעלבסט־שוץ פון יידן בשעת די פאגראמען.

פון ערשטן מאמענט אן האט זיך דער „בונד" באגעגנט מיט דער יידן־פראגע. פון אנפאנג האט מען געלערנט די יידישע ארבעטער רוסיש. שפעטער, ווערנדיק א מאסן־באוועגונג, האט דער „בונד" געמוזט אריבערגיין צו יידיש. דער „בונד" האט זיך אין דער ערשטער תקופה דערקלערט אלס נייטראל אין דער פראגע צי דארף מען אנטוויקלען די נאציאנאלע קולטור. די יידישע שפראך האט ער אנגענומען, ווייל דער יידישער ארבעטער האט געלעבט אין יידיש און

איז געוואָרן מיט דער צייט דער גרעסטער אָפּנעמער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. און מען האָט זיך געמוזט באַנוצן מיט יידיש צוליב אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּראָפּאַגאַנדע טעמים.

איינער פון די טעאָרעטיקער פון „בונד" איז געווען מ ע ד ע ם, אַ זון פון אַ געשמדטן פּולקאָווניק. מעדעם האָט זיך צוריקגעקערט צום יידנטום, און אַלס פירער פון „בונד" פיל געשריבן וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ער איז ניט געווען אין אָנהויב קעגן נאַציאָנאַלער קולטור, אָבער ער האָט זי ניט געזען ווי אַן אויפגאַבע, ווי אַ ציל. ער איז ניט געווען קעגן אַסימילאַציע, אָבער ער איז געווען קעגן זען די אַסימילאַציע פאַר אַן אויפגאַבע, פאַר אַ ציל. ער איז געווען קעגן דעם קעמפן פאַר אַסימילאַציע, קעגן שטרעבן צו איר. פאַקטיש אָבער, שאַפנדיק אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, איז דער „בונד" געווען ניט פּאַסיוו אין אַנטוויקלען די יידישע אייגנאַרט, כאָטש זיין אידעאָלאָגיע איז געווען נייטראַליטעט אין קאַמף פאַר יידישער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. דאָס איז איינע פון די פיל בונדישע סתירות.

דער „בונד" איז געווען פאַרן יידישן אַרבעטער אַ היים, ער האָט אים געגעבן דאָס באַוווסטזיין פון זעלבסטווירדע און אייגענעם כבוד. ער האָט אַרויסגענומען דעם יידישן אַרבעטער פון שול און ישיבה און געשאַפן אַן אָרגאַניזירטן, רעוואָלוציאָנערן קלאַס, וועלכער איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין יידישן לעבן.

דעם 'בונד" איז וויכטיק צו דערקענען אַלס הויפּט־אַרבעטער אָרגאַניזאַציע אין משך פון אַ באַדייטנדער צייט, אַלס היסטאָרישן פאַקט, אַלס אַ געוויסן וועג אין לעבן. דער „בונד" האָט תמיד געקעמפט פאַר ווערן אָנערקענט אַלס איינציקער פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער. ער האָט זיך אַנטוויקלט צו אַ גרויסער פּאַרטיי אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד. ער האָט אַרומגענומען אויך די פּאַרטיי אין גאַליציע זש.פּ.ס. (זשידאָווסקאַ פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ), וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט ענלעך ווי אין רוסלאַנד.

יידישע אַסימילירטע אינטעליגענטן, סאָציאַליסטיש געשטימטע, וועלכע האָבן זיך ניט געקענט געפינען קיין אָרט אין דער פּוילישער פּאַרטיי, זענען געקומען צו יידישע אַרבעטער, מיט וועלכע מען האָט געמוזט רעדן „זשאַרגאָן". זענען זיי איבערגעגאַנגען צו יידיש. דעם „זשאַרגאָן" האָט מען געמוזט פאַרפּולקאָמען — האָבן זיי דאָס געטאָן, און עס האָט זיך אַנטוויקלט די יידישע שפּראַך און קולטור. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער יידישער ליטעראַטור, מיט פּרצן

און אַנדערע שרייבער, וועלכע האָבן געשריבן ווערק מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט
פאַר די אַרבעטער. אָבער די שפּעטער גופא פון „בונד" האָבן קיין געפיל פאַרן
יידישן נאַציאָנאַלן קיום, פאַר אַ יידישער נאַציאָנאַלער שפּראַך, ניט געהאַט. האָבן
זיי טאַקע אין אָנהויב געלערנט די יידישע אַרבעטער רוסיש. אָבער דאָס איז גע־
ווען אוממעגלעך צו טאָן אין מאַסן־מאַסשטאַב. די אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַר־
בעטער איז געווען אוממעגלעך אָן יידיש. דערפאַר האָט דער „בונד" אָנגענומען
יידיש, זיך צופּאַסנדיק צו די יידישע אַרבעטער. די יידישע אַרעבטער האָבן גע־
שטופּט די בונדישע אינטעליגענץ צו יידישקייט. די בונדישע אינטעליגענץ איז
געווען אַ כאַראַקטעריסטיש אָפּאָרטוניסטישע. ניט זי האָט געבראַכט דעם רע־
וואָלוציאָנערן ווילן, נאָר זי איז געוואָרן געשטופּט דורך דער ווירקלעכקייט צו
דעם.

די צייט פון גרינדן דעם „בונד" איז געווען אַ צייט פון אַלץ־שטייגנדיקער
יידישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע. דאָס פאָלק האָט געוואַנדערט אין די הונ־
דערטער טויזנטער. אויך דער בונדיסט האָט געוואַנדערט. כאָטש עמיגראַציע איז
ניט געווען אין זיין פּראָגראַם, האָט ער זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די מאַסן. אָבער
גלייכצייטיק איז אויך אין די נייע איינוואַנדערונגס־לענדער געגרינדעט געוואָרן
ענלעכע צום „בונד" פאַרטייען. דער „בונד" האָט זיך צו עמיגראַציע באַצויגן
אַזוי ווי צו אַסימילאַציע — נייטראַל; זי איז אַ אַפקט, דאַרף מען זי ניט באַ־
קעמפן. און מען דאַרף זי אויך ניט שטעלן ווי אַ ציל פאַר זיך.

אומעטום איז דער „בונד" געוואָרן אַן אָרטיקע פאַרטיי, באַזירט אויף דאָי־
קייט. ער איז געווען אין פּרינציפּ קעגן כלל ישראל, דאָך האָט ער צוזאַמענגע־
אַרבעט מיט יידישע בירגערלעכע אַנטי־ציוניסטן, געפּרוווט קאָנצענטרירן אַרום
זיך גרויסע מאַסן ניט־אַרבעטער און געקעמפט פאַר השפּעה אין די יידישע קהי־
לות; ער האָט געלייקנט די גאַנצקייט פון דער אַלוועלטלעכער יידישער נאַציע,
דאָך אַ ז ער, טראָץ זיין אידעאָלאָגיע, געוואָרן אַ וועלט־פאַרטיי. דער „בונד" האָט
געלייקנט דריי אייניקייטן : די אייניקייט פון יידן אין עבר, די אייניקייט פון
יידן אין פאַרשיידענע לענדער און די אייניקייט פון אַלע קלאַסן פון יידישן פאָלק
אין זייער גורל. אָבער אין לעבן, אין זיינע טאַטן, איז דער „בונד" געווען גע־
צוווּנגען אָפּצולייקענען אָט די טעאָרעטישע אויספירן.

דער „בונד" האָט זייער פרי אָנגעהויבן באַקעמפן דעם ציוניזם. ער האָט גע־
האַט פיל פירער, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין וויכטיקע טעאָרעטיקער.

צו די פירער און גרינדער פון „בונד" געהערן : אַרקאַדי קרעמער, נח פאָרט־

גוי־קאָסאָווסקי, מיכאַלעוויטש, אַלטער. מעדעם, כמורנער. אין אַמעריקע — אַב־רהם לעסין, ליטוואַק, וואָס שטאַמען פון די פּאָלקס־מאַסן און טראָגן אין זיך אַ סך יידישקייט.

צוויי גרופּן האָט דער „בונד" אַנטהאַלטן אין זיך: איינע — אַ פּאַרמאַס־קירט־אַסימיליאַטאָרישע, וועלכע האָט געשטעקט מיט אירע וואָרצלען אין אַסי־מיליאַציע און האָט הויפּטזעכלעך געשטאַמט פון דער אינטיליגענץ; און איינע, וואָס האָט מיט די וואָרצלען געשטעקט אין יידנטום און יידישקייט — דאָס זע־נען געווען די אַרבעטער־מאַסן און די אינטיליגענץ, וואָס איז פון זיי אַרויסגע־וואַקסן. איינצלנע זענען אויך געקומען אין „בונד" פון דער ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג. די אַסימילאַטאָרן זענען געקומען ווי אינטעליגענץ אָן אַ פּראָלעטאַרישן און אָן אַ יידישן אינהאַלט און זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די פאָדע־רונגען פון דער ווירקלעכקייט.

דער „בונד" האָט אָנגענומען דעם גלות אַלס אַ גורל, אַלס אַן אומפאַרמייד־לעכקייט. די „דאָיקייט" איז זיין אידעאָלאָגיע. דאָס איז זיין שוואַכקייט און זיין שטאַרקייט. אַ שטאַרקייט פון אינערציע. אָבער דאָס שעלכטע וואָס איז אין גלות, די באַדנלאָזיקייט פון דער דאָיקייט איז די פאַטאַלע טראַגישע שוואַכקייט פון „בונד". די דאָיקייט פון „בונד" איז געווען אַ המשך פון דער רעליגיעזער דאָיקייט. אָבער די לעצטע האָט געטראָגן אַ גלויבן אין משיחן. אויך דער „בונד" האָט זיך געשאַפן אַ משיח. די בונדיסטן זאָגן, אַז דער משיח וועט אָנקומען מיטן סאָציאַליזם. אָבער זייער סאָציאַליזם איז נישט קיין יידישע דערשיינונג, ער איז אַ נייער גלות אין אַן אַנדער פאָרם. עס איז דאָ אַן ענלעכקייט צווישן דער אי־דעאָלאָגיע פון „אגודת ישראל" און „בונד": דער גלות איז אַ גורל, מיט זיך אין אים נישט אַריין, ריר אים נישט אָן.

דער „בונד" האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסע עוואָלוציע. ער האָט אָנגעהויבן פון יידישן לעבן אַלס פאַקט; אָבער מיט דער צייט האָט ער אין זיין קאַמף קעגן פּאָגראָמען און פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, אָנגעהויבן צו קעמפן קעגן אונטערדריקן יידן. דער „בונד" האָט אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, אָבער דאָס איז גע־ווען נאָך יאָרן פון אַן אינערלעכער דיסקוסיע. דער „בונד" האָט אויסגעדריקט דאָס אַלץ אין יידישן לעבן, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים ווערן פאַרווירקלעכט און נישט דאָס דינאַמישע. דאָס דינאַמישע — אויף אַזויפיל אויף וויפיל עס איז געווען אַ טייל פון אַלגעמיינעם לעבן. אויף זיינע ערשטע קאָנפערענצן איז

דער „בונד" געוועז קעגן א נאציאנאלן פראגראם און פאר זיין א טייל פון דער רוסישער סאציאל־דעמאקראטיע.

דער „בונד" האט אויפגעשטעלט א נאציאנאלן פראגראם, געקעמפט קעגן יידן־פארפאלגונגען. אין זיין נאציאנאלן פראגראם האט ער גענומען פון דובנאוון דאס פארהייליקן די גלות־עקזיסטענץ אלס העכסטע שטופע פון דער יידישער נאציאנאלער אנטוויקלונג, דאס שלום מאכן מיט דעם וואס עקזיסטירט, דאס געטראגן ווערן דורך די כוואליעס. דער „בונד" איז אייביק מיטגעשווומען, אזוי אין פראגן פון סאציאליזם, אזוי אין קאמף צווישן אסימילאציע און נאציאנאלן ווידערגעבורט, ווי אין קאמף צווישן באלשעוויזם און מענשעוויזם. ער איז געווען פסיכאלאגיש קעגן דעם אלעמען וואס מישט זיך צופיל אין לעבן. פון דעם זעלבן ווארצל וואקסט ארויס זיין אנטי־ציוניזם און אנטי־באלשעוויזם. דאס איינציקע, וואס איז אים ביז היינט געבליבן, איז די שנאת ציון און שנאת באל־שעוויזם. אבער דער „בונד" האט זיך געמוזט ענדערן, דערפאר ווייל עס האבן צו אים געהערט צענדליקער טויזנטער ארבעטער. זיי האבן געצוווּנגען די אינ־טעליגענטן נאכגעבן דעם לעבן אליץ מער און מער.

מיר מוזן האבן א גרויסן דרך־ארץ פארן „בונד", ווייל ער האט גרויסע פאר־דינסטן, אבער ער האט פיל שאדן געבראכט דורך דעם, וואס ער האט נישט אויס־גענוצט די שעפערישע כוחות פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג.

דער „בונד" האט גענומען פון דעם נאציאנאלן פראגראם פון דער עסט־רייכישער סאציאל־עדמאקראטיע (אטטא באוער, קארל רענער) די אידייע וועגן נאציאנאל־קולטורעל פערסאנאלער אויטאנאמיע און ער האט געגלויבט, אז דאס וועט קענען פארווירקלעכט ווערן אויך ביי די באדינגונגען פון א דעמאקראטיש רוסלאנד. אט די אידייע איז געווארן דער יסוד פון בונדיסטישן נאציאנאלן פראגראם. אויף צוויי צוזאמענפארן האט ער אפגעווארפן דעם פראגראם, ערשט שפעטער האט ער אים אנגענומען. אויף דער לאנדאנער קאנפע־רענץ פון דער רוסישער סאציאל־דעמאקראטיע פאדערט דער „בונד" אנערקענען אים אלס איינציקן פארשטייער פון די יידישע ארבעטער, און אויטאנאמיע רעכט אין דער ר.ס.ד.ר.פ. די פאדערונג ווערט אפגעווארפן. קעגן איר זענען ארויסגע־טראטן — טראצקי, מארטינאוו, מארטאוו (איינער פון די גרינדער פון דער רוסישער ס.ד. פארטיי. אן אסימילירטער ייד, וועלכער איז, זייענדיק פארשיקט אין ווילנע — נאך איידער דער „בונד" האט עקזיסטירט — געווען טעטיק צווישן יידישע ארבעטער. ער האט געהאלטן, אז זיי דארפן קעמפן נישט פאר נאציא־

גאַלע רעכט, נאָר פאַר בירגער־רעכט). די רוסישע סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַן אַסימילאַטאָרישן פּראָגראַם פאַר יידן. אין דעם זענען זיי אַלע געווען געאייניקט. דאַן האָט דער „בונד" פאַרלאָזט די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, כאָטש עס זענען געווען קעגנער פון דעם, ווי למשל אַבראַמאָוויטש. נישט קוקנדיק אויף די אינערלעכע שטרייטן האָט זיך דער „בונד" קיינמאָל נישט געשפּאָלטן. דאָס אַרויסגיין פון דער רוסישער ס.ד. האָט אים נאָך מער נאַציאָנאַל געמאַכט. ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף קעגן אַסימילאַטאָרישן סאָציאַליזם, קעגן פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), אין וועלכער ס'זענען געווען פיל יידן.

דער „בונד" האָט במשך פון 50 יאָר אָרגאַניזאַציע געפירט די אַרבעטער אונטער אַ געוויסער פאָן און אידעאָלאָגיע. ער האָט געהאַט זיין אויפפאַסונג פון אַ פאָלק. ער האָט אָנערקענט, אַז די יידן זענען אַ נאַציע, אַז ס'איז ריכטיק, אַז די נאַציע איז אַנטשטאַנען אין געשיכטלעכן פּראָצעס. ער האָט אָבער איבערגענומען די אויפפאַסונג וועגן אַ נאַציע פון דובנאָוון און פון די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין איצטיקן מאָמענט האָט ער געזען אין דער יידישער נאַציע בלויז אַ קולטורעלע דערשיינונג. ער האָט געזען אין דעם נאַציאָנאַלן אויסלעבן זיך פון יידן בלויז אַ קולטורעלע פראַגע און געפאָדערט פאַרזיכערן דאָס דורכן געזעץ — דורך געבן זיי פאָרמעל אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס נאַציאָנאַל־גייסטיקע אויסלעבן זיך איז מעגלעך נאָר אויף אַ רעאַלן, מאַטעריעלן יסוד. ער האָט געמאַכט נישט קיין ריכטיקע אַנאַלאָגיעס מיט פעלקער, וואָס זייער מאַיאָריטעט לעבט אַ נאָרמאַל לעבן אויף אַן אייגענער טעריטאָריע און זענען ניט פאַרשפּרייט אויף דער וועלט אין פאַרשידענע לענדער אַלס מינאָריטעטן. ער האָט דאָס ניט ריכטיק איבערגעטראָגן אויף דעם יידישן פאָלק וואָס באַשטייט פון בלויז צעשפּרייטע אויף דער וועלט מינאָריטעטן.

ער האָט נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט די ווערטן, געשאַפענע אין דער פריערער געשיכטע. דער „בונד" איז אוטאָפּיסטיש, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס פאָלק קען לעבן נאָר גייסטיק, אַז אַ טעריטאָריאַלער באַזע און אָפּגעריסן פון די קולטורעלע ווערטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט. ער רייסט איבער מיט דעם, וואָס מיר האָבן געשאַפן אויף דער אייגענער טעריטאָריע. ער האָט נישט קיין באַציונג צו דער טראַדיציע. ער רייסט איבער מיט איר און בויט ניט אויף איר. ס'איז אַן אונטערשיד צווישן לעבן ל ו י ט דער טראַדיציע

און לעבן פאַרזעצנדיק און אַנטוויקלענדיק די טראַדי־
ציע, נעמענדיק זי אַלס באַזיס. דאָס היינטיקע רוסלאַנד זעצט פאָר אין אַ געענ־
דערטער פאָרם די אַלטע גרויסע טראַדיציעס. דער „בונד" רייסט מיט אונדזערע
נאַציאָנאַלע טראַדיציעס איבער.

דער „בונד" האָט געהאַלטן, אַז ער דאַרף קעמפן בלויז קעגן די באַגרענע־
צונגען פון רעכט פון יידישע אַרבעטער אַלס יידן. ער האָט נישט געזען די גאַנ־
צע אומנאָרמאַלקייט פון אַ לעבן אין גלות. דאָס איז ביי אים געווען נאַטירלעך
און נאָרמאַל.

אין זיין קאַמף מיטן ציוניזם האָט דער „בונד" אַלעמאָל געביטן זיין אַר־
גומענטאַציע, אָבער תמיד פלעגט ער פריידיקן אַז דער ציוניזם איז אַ בורזשואַזע
באַוועגונג. די בורזשואַזיע געפינט זיך אין אַ שווערער לאַגע אין אירע קאָנקור־
רענץ־מעגלעכקייטן און זוכט אַן אויסוועג אין ציוניזם. ער האָט נישט געוואָלט
זען, אַז דאָס לעבן פון גאַנצן פאָלק איז אומנאָרמאַל. עס האָט ניט קיין
נאָרמאַלן קלאַסן צוזאַמענשטעל און דאָס ווירקט נעגאַטיוו אויפן גאַנצן יידישן
פאָלק. אויך דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז ניט נאָרמאַל אין זיין צוזאַמענ־
שטעל. עס פעלן אים וויכטיקע ווירקנדיקע טיילן פון פּראָלעטאַריאַט. ער קען
ניט אַריינדרינגען אין וויכטיקע צווייגן פון פּראָדוקציע: ער גייט ניט אַריין אין
דער שווער־אינדוסטריע, ער גייט ניט אַריין אין דער שטאַטס־ווירטשאַפט. דער
שטאַט האָט אַ טענדענץ אַרומצונעמען אַלץ ברייטערע צווייגן פון דער ווירט־
שאַפט. יידן פּראָלעטאַריזירן זיך אויך אומנאָרמאַל. דאָס לעבן אין גלות ביי
דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, וואָס איז אין דער איבערגאַנגס־צייט צום
סאָציאַליזם פול מיט קריזיסן, גיט ניט די יידן קיין מעגלעכקייט זיך צו פּראָ־
לעטאַריזירן נאָרמאַל. דער פּראָלעטאַריאַט איז ביי אונדז קלענער ווי אומעטום,
כאָטש די אָרעמקייט איז גרעסער. אויסער דעם האָבן מיר כמעט בכלל ניט קיין
לאַנדווירטשאַפט.

דער „בונד" האָט זיך ניט באַשעפטיקט מיט די מאַסן, וואָס דאַרפן אַי־
בערגיין צו אַרבעט און פּראָלעטאַריזירן זיך. דורך דעם וואָס יידן, זייענדיק גע־
צוווּנגען זיך צו פּראָלעטאַריזירן, מוזן קאָנקורירן מיט אַנדערע שטאַרקע־
רע זיך פּראָלעטאַריזירנדיקע מאַסן, איז אויך דער פּראָצעס ביי זיי ניט נאָר־
מאַל. ביי יידן קומט ניט פאָר קיין וווּקס פון כוח פון אַרבעטערשאַפט. ביי יידן

קומט פאַר אַ פּאופּעריזאַציע אין אַסך אַ גרעסערער מאָס ווי די פּראָלעטאַרי־זאַציע. אפילו נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע איז די פּאופּעריזאַציע ביי יידן אין רוסלאַנד געווען גרעסער ווי די פּראָלעטאַריזאַציע. צוליב דעם קומט פאַר ביי יידן אַן איבערגאַנג ניט צום פּראָלעטאַריאַט, נאָר צום לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. דער „בונד" האָט זיך געשטיצט נאָר אויף דעם שוין עקזיסטירנדיקן יידישן אַר־בעטער־קלאַס. ער איז געבליבן פרעמד צו די באַדערפעניש פון יידישן פאָלק אין אַ געזונטן אַרבעטער־קלאַס.

דער סאָציאַליסטישער ציוניזם האָט באַוויזן די אומנאָרמאַלע לאַגע פון יידי־שער פּראָלעטאַריזאַציע און יידישן פּראָלעטאַריאַט. די גרעסטע פאַרדינסטן האָט אויף דעם געביט באָראָכאָוו. ער האָט באַוויזן, אַז די יידן פּראָלעטאַריזירן זיך אין אַ נישטיקער מאָס אין פאַרגלייך מיט די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן; אַז די יידישע אַרבעטער קאָנצענטרירן זיך אין די ווייניקער וויכטיקע צווייגן פון אַרבעט — אין דער טייל פון אַרבעט, וואָס באַגלייט די פאַרטיילונג, און ניט די פּראָדוצירונג. ער איז דערפאַר ניט זעלבסטשטענדיק, ער איז אָפּהענגיק אין זיין קאַמף פון די אַרבעטער פון דער פּראָדוציר־אינדוסטריע.

באָראָכאָוו האָט אויפגעקלערט, אַז דער יידישער אַרבעטער האָט אַן אומ־נאָרמאַלע סטראַטעגישע באַזע. ער האָט באַוויזן, אַז דער יידישער אַרבעטער איז גוט אָרגאַניזירט, קעמפט, אָבער האָט פון דעם ווייניק. די יידישע אַרעבטער־שאַפט איז אַזוי ווי אַ קעכער ביים מיליטער. געשאָסן ווערט ער גלייך ווי דאָס מיליטער, אָבער פאַרטיידיקן זיך אַזוי ווי דאָס מיליטער קען ער נישט.

אַ חוץ דעם קומט נאָך פאַר ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט אַ סטאַבילע דע־פּראָלעטאַריזאַציע, אַ כסדרדיק אַריבערגייין פון פיזישער אַרבעט — צו גייס־טיקער, פון אַרבעטער — צו אַרבעטס־געבער, פון בעלי־מלאכות — צו גרעסערע עקספּלואַטאַטאָרן. דאָס איז אַ פּראָצעס, וואָס באַגלייט דאָס יידישע לעבן די גאַנ־צע צייט. דער „בונד" האָט גאָרנישט געפּרוווט טאָן קעגן דעם און האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן. פון דער יידישער עמיגראַציע אין אַמעריקע איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסער פּראָלעטאַריאַט: פּראָלעטאַריער, וועלכע זענען שוין אין צווייטן דור געוואָרן אונטערנעמער, אָדער פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטן. אין זייער באַוווסט־זיין זענען זיי נאָך פּראָלעטאַריער און סאָציאַליסטן, אָבער אין זייער ז י י ן זענען זיי דעפּראָלעטאַריזירט. דאָס קומט פאָר אפילו אין ראַטן־פאַרבאַנד —

ענלעך צו דעם, ווי עס קומט פאָר אין גאַנצן יידישן גלות. דער „בונד" קען קעגן דעם גאַרנישט אויפטאָן, ווייל ביי אים איז די אומנאָרמאַלקייט, די אָפּהענגי־קייט — א נאָרמאַלקייט, וועלכע מען דאַרף ניט און מען קען ניט ענדערן. ער איז אין זיין אידעאָלאָגיע פרעמד די אמתע אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער־קלאַס און יידישן פאָלק, ווייל ער האָט ניט קיין היסטאָרישע פּערספּעקטיוו — ניט פון דער פאַרגאַנגענהייט, ניט פאַר דער צוקונפט. אַלע סאָציאַליסטישע און קאָ־מוניסטישע באַוועגונגען זענען קלאַסן־באַוועגונגען. דער „בונד" איז א באַוועגונג פון איינצלנע אַרבעטער, ניט פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. ער איז אויך אַזויפיל א קלאַסן־באַוועגונג, אויף וויפיל ער האָט אָנגענומען די טעאָריע פון קעגנזעצלעכע קלאַסן־אינטערעסן.

דער „בונד" האָט שלעכט אויפגעפאַסט די עמיגראַציע. ער האָט זיך אין איר ניט אַריינגעמישט, ער איז מיט איר מיטגעשלעפּט געוואָרן. פון יעדער גלות מוזן מיר עמיגרירן, אומעטום, וווהין מיר עמיגרירן, שאַפן מיר א נייעם גלות. אין א סך לענדער זענען מיר לענגער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אָבער ניט יאָרן דעצידירן וועגן דער הערשאַפט איבער א לאַנד. עס דעצידירט די באַציונג צום לאַנד. א בעל־הבית איז דער, ווער ס'שאַפט דאָס לאַנד, קאָלאָניזירט עס. דער־פאַר איז עמיגראַציע געוואָרן ביי אונדז א שטענדיקע דערשיינונג. דער „בונד" האָט דאָס געלייקנט. ער האָט באַשולדיקט דעם ציוניזם אין עמיגראַנטן־פּסיכאָ־לאָגיע און אַליין האָט ער עמיגרירט, כאָטש ניט אַלס געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, ניט צו העלפן א קלאַס, נאָר אַלס איינצלנע.

די עמיגראַציע איז א פּראָדוקט פון גלות, ווי יעדער גלות איז א פּראָדוקט פון עמיגראַציע. זי איז ביי אונדז געוואָרן א דערשיינונג. במילא איז פאַלש די טעאָריע, אַז עס איז ג ע וו ע ן א יידיש פאָלק, אַז היינט זענען דאָ יידישע פ ע ל ק ע ר אין פאַרשידענע לענדער. דורך דער עמיגראַציע ווערן אַלעמאָל אויסגעמישט יידן פון פאַרשידענע גלותן און ס'ווערן באַנייט די באַציונגען צווישן יידן פון פאַרשידענע לענדער. דער „בונד" איז לכתחילה געווען קעגן א פאַרבינ־דונג צווישן זיינע פּאַרטייען אין פאַרשידענע מדינות, אָבער שפּעטער האָט ער געמוזט שאַפן אַזאַ פאַרבינדונג, ניט צ ו ל י ב זיין אידעאָלאָגיע, נאָר ק ע ג ן זיין אידעאָלאָגיע. ער האָט געלייקנט די פאַרבונדנקייט פון יידישן אַר־בעטער מיטן יידישן פאָלק. ער האָט געזען די פאַרייניקונג פון יידן אין יעדן לאַנד אַלס א פרייוויליקע. ער האָט ניט געפירט קיין קאַמף מיט אַנדערע יידישע

קלאסן, נאר אַ ב ר ו ג ז, אַ קלאַסן־ברוגז איז דאָס געווען. אמת, דער יידי־שער אַרבעטער קעמפט קעגן דער יידישער בורזשואַזיע, אָבער אַלס פאָלק האָט ער מיט איר איין גורל.

דער „בונד" האָט פאַרטראַטן דעם יידיש, אַלס איינציקע נאַציאָנאַלע שפּראַך. וועלנדיק אייביק מאַכן דעם יידישן גלות האָט ער געוואָלט אָפּמעקן אַלץ וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן ביז צום רוסיש־פּויליש־ליטווישן גלות. ער האָט געוואָלט, אַז יידן זאָלן פאַרגעסן און אָפּמעקן די העברעישע שפּראַך און אַלץ וואָס איז אין איר געשאַפן געוואָרן. ער האָט געשאַפן אַן אידעאָלאָגיע פון עם־הארצות. ווייל אין דער קולטור האָט ער געוואָלט ליקווידירן אַלץ וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן ביז יידיש. דער יידישיזם איז געוואָרן ביי אים אַ רעליגיע, אַן אינהאַלט אָנשטאָט אַלע אַנדערע אינהאַלטן.

ער האָט באַקעמפט דעם ציוניזם, באַנוצנדיק זיך מיט אַלע מיטלען, אויס־טראַכטנדיק אַלע בלבולים, אונטערהאַלטנדיק אַלע פאַלשקייטן וועגן ציוניזם. ער האָט געוואָלט אויסבילדן אַ תהום צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין א"י און גאָר דער וועלט. ער האָט געוואָלט אויסבויען אַ וואַנט צווישן דעם בעסטן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און דער וועלט. ער האָט געהעצט און געקעמפט קעגן „החלוץ", באַקעמפט די הכשרה־ווערק, וועלכע האָבן אַריבערגע־פירט יידן צו אַרבעט. דער „בונד" איז דורכגעפאַלן אין אַלץ און אַלעמען וואָס ער האָט געזאָגט. די ערטער, וואָס ער האָט געזען אַלס היים פון יידישן פאָלק, זענען געוואָרן זיין בית־הקברות.

מיר דאַרפן נישט פיינט האָבן דעם „בונד", ווייל ער איז אַ טייל פון יידישן פאָלק. ווען דער „בונד" זאָל בלייבן די איינציקע יידישע אָרגאַניזאַציע וואָלט אונטערגעגאַנגען דאָס יידישע פאָלק מיטן אונטערגאַנג פון גלות, ווייל ער האָט זיך אידענטיפיצירט מיט דער אָפּהענגיקייט אין גלות־לעבן. מיר טאָרן דעם גלות ניט פאַרגעסן. אפילו די איינציקלעך פון „סאַברעס" (ארץ־ישראל געבוירענע) וועלן ניט טאָרן פאַרגעסן דעם גלות, ווייל דאָס וועט הייסן אָרעמער ווערן אין טויזנ־טער יאָרן. דאָס וועט זיין דאָס זעלבע ווי אַז אַלטער מאַכט זיך קינדיש. אַ קינד איז שיין און חנעוודיק, אָבער עלטערע מענטשן טאָרן זיך ניט מאַכן קינדיש.

בנוגע דעם גלות איז דער „בונד" ניט קיין רעוואָלוציאָנערער כוח. ער איז

געוועז א שטערונג ביי דער זעלבסטליקווידאציע פון גלות אין דער סטאדיע ווען דער גלות האט געמוזט ליקווידירט ווערן. ער האט געשטערט דער ליקווידאציע פון גלות דורך יידן און האט אזוי ארום מיטגעווירקט צו דער ליקווידאציע פון גלות דורך אנטיסעמיטן.

עס איז דא אן אויפפאסונג וואס זעט דעם מארקסיזם אלס היסטארישן פראגנאז. ער איז טאקע א היסטארישער פראגנאז און האלט פון סטיכישן ווירקן. דאס הייסט אבער ניט, אז דער סאציאליזם, ווי אלע היסטארישע געשעענישן, וועט קומען אן דעם ארייננמישן זיך און אקטיוון באטייליקן זיך פון מענטשן. סטיכישע פראצעסן זענען ניט סטיכיש בנוגע דעם איינצלנעם מענטש, זיי זע־נען סטיכיש בנוגע דער מענטשהייט. אן אזא אויפאסונג קענען האבן אינטע־ליגענטן, וואס זענען געקומען צום סאציאליזם פון וויסנשאפטלעכער איבערציי־גונג. דער ארבעטער קעמפט פארן סאציאליזם פון בלוטיקן פערזענלעכן אינטע־רעס. ביי אינטעליגענטן איז דאס אוממעגלעך. זיי זענען מערסטנס נייטראל בנו־גע סטיכישע פראצעסן.

דער „בונד" איז נייטראל אין אלעמען, ווייל ער איז קעגן ארייננמישן זיך אין לעבן. דער „בונד" איז געוועזן פאר א פעדעראליסטישן געבוי פון דער ר.ס.ד.ר.פ. אין דער צייט ווען לענין איז געוועזן פאר א צענטראליסטישן, ווייל ער האט געגלויבט, אז די סאציאלע רעוואלוציע וועט קומען אין דער נאענטסטער צייט און מען דארף ביי דעם אקטיוו מיטווירקן דורך א שטארקער צענטראליס־טישער פארטיי. דער „בונד" האט אין דעם ניט געגלויבט, ער האט ניט געגלויבט אין דער ווירקזאמקייט פון אזא אקטיוון ארייננמישן זיך אין געשיכטלעכן פראצעס.

דער „בונד" איז געבליבן אן אלץ, ער לעבט היינט נאר מיט... שנאת רוס־לאנד און שנאת ציון. דעם ראטן־פארבאנד האלט ער פאר א גרויזאמען פעלער פון דער געשיכטע און דער ציוניזם איז ביי אים נאך אלץ אן אוטאפיע.

## דער טעריטאריאליזם

דער טעריטאריאליזם איז א יידישע באוועגונג, וואס איז געשיכטלעך אויפגעקומען נאכן ציוניזם און בונדיזם. עס איז זייער צווייפלהאפט, צי מען קען וועגן אים רעדן ווי וועגן א באוועגונג. נאר אן אויפפאסונג, א גע־

דאַנק איז ער געווען. ס׳זענען געווען באַוועגונגען, וואָס האָבן זיך אָנגערופן טעריטאָריאַליסטישע. ס׳זענען אויך געווען פּרוּוון פון באַזעצן זיך אין פאַרשידענע לענדער. אויך אַ טייל ציוניסטישע טעאָרעטיקער זענען אַמאָל דערגאַנגען ביז טעריטאָריאַליזם. אַ טייל טעריטאָריאַליסטן איז געקומען צום ציוניזם. פּינסקער אין זיין „אויטאָעמאַנציפּאַציע" איז דערגאַנגען צום טעריטאָריאַליזם און ניט ביזן ציוניזם. אַבסטראַקט לאָגיש קאָן מען עס טאַקע פאַרשטיין אַז יידן דאַרפן אַ טעריטאָריע, אָבער ניט דוקא א"י. אויך הערצל איז ניט געקומען אין אָנהויב צום ציוניזם נאָר צום טעריטאָריאַליזם. ער האָט געטרוימט וועגן אַ יידישער מדינה. ביידע — אי הערצל אי פּינסקער — זענען געווען אין זייער קאָנקרעטער אַרבעט ציוניסטן. פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם האָט פּינסקער געוואָלט דורך „חובבי ציון", הערצל דורך פּאָליטישער טעטיקייט.

די גרויסע דערשיטערונג פון ציוניזם דורך דער אוגאַנדאַ־פּראַגע איז געווען פּאַקטיש אַן אויסדרוק פון אַ טעריטאָריאַליסטישן געדאַנק, כאָטש הערצל און מאַקס נאָרדוי און מיט זיי אַ גרויסער טייל ציוניסטן האָבן געהאַלטן אוגאַנדאַ פאַר אַ נאַכט־אַזיל — אַן אָרט איבערצוגעבטיקן פאַרן יידישן פאָלק. ערשט דער צווייטער אוגאַנדאַ־קאָנגרעס האָט אָפּגעוואָרפן דעם אוגאַנדאַ־פּראָיעקט. דאַן איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע בראש מיט זאַנגוויל, וועלכער איז געקומען צום ציוניזם צוזאַמען מיט הערצלען. זיין אָרגאַניזאַציע האָט געוואָלט אויסזוכן פאַר יידן אַן אַנדער טעריטאָריע. זי האָט אַרומגענומען פיל מענטשן אין פאַרשידענע לענדער, ניט נאָר פון בעלי־הביתשן טייל נאָר אויך פון אַרבעטער ציוניזם מיט סירקינען, יעקב לעשטשינסקין, ניגערן, ליטוואַקאַוון א"א, וועלכע האָבן געשאַפן אַ נייע פּאַרטיי ס.ס. (סיאָניסטי סאָציאַליסטי). אַן אַנדער גרופּע, ווידער, האָט זיך אַ נאָמען געגעבן ס.ט. (סיאָניסטי טעריטאָריאַליסטי) און דערנאָך זיך פאַראייניקט מיט ס.ס. נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט די „סיימיסטן" אונטערן נאָמען „די פאַראייניקטע", אַ פּאַרטיי, וועלכע איז געווען טעריטאָריאַליסטיש. אין אַמעריקע האָבן זיי זיך אָנגערופן סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן און האָבן עקזיסטירט פון אוגאַנדאַ ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ סך שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן אַ „פרייַלאַנד"־אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון י. נ. שטיינבערג, וועלכער פירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ יידישער טעריטאָריע אין

אויסטראַליע. די באַוועגונג שטיצט זיך אויף אַמעריקע. אָבער דאָס איז נאָר אַ געדאַנק, ניט קיין באַוועגונג. אַ באַוועגונג — דאָס איז אַ פּרוּוו צו פאַרווירקלעכן אַן אידיי דורך אַ געוויסער גרופּע מענטשן, פאַרווירקלעכן אין זייער לעבן אומאָפּהענגיק פון דעם, צי עס גיט זיך איין צי ניט. ווען ס'באַוועגט זיך עפּעס אין לעבן ניט נאָר גייסטיק, דאַן איז דאָס ניט נאָר אַן אידיי. אַזוי אַז דער טעריטאָריאַליסטישער געדאַנק דאַרף באַהאַנדלט ווערן בעיקר לאָגיש, ווייל אין לעבן אַלס באַוועגונג איז ער ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. עס זענען, אמת, געווען פּרוּוון דורכצופירן אין לעבן דעם טעריטאָריאַליזם, אָבער ניט דורך אַ באַוועגונג, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין היסטאָרישע ווירקלעכע כוחות, וואָס זאָלן זיין אין דעם פאַראינטערעסירט. די מערהייט מענטשן זענען געגאַנגען אויף אַזאַ טעריטאָריע ניט מיטן ווילן זיך דאָרט צו באַזעצן.

דער גרעסטער טעריטאָריאַליסטישער פּרוּוו איז געווען ביראָ־בידזשאַן. דאָס איז געשען לויט דער איניציאַטיוו פון „טעריטאָריאַליסט" קאַלינין. אונטערשטיצט זיין אידיי האָבן יידישע קאָמוניסטישע פירער, אָבער אַן באַגייסטערונג. זיי האָבן גערופן אַנדערע אַהין, ניט גייענדיק אַליין. דאַך איז ביראָ־בידזשאַן געווען בלויז אַ פּראָיעקט, אַלנפאַלס ניט קיין באַוועגונג. געפאָרן אַהין איז דער מענטש אָממערסטן ווייל מען האָט אים געשיקט, און ער האָט קיין גרויסן דערפאַלג ניט געהאַט. עס זענען אויך געווען פּרוּוון צו באַזעצן יידן אין קרים, גאַליציע, אַרגענטינע — אַלץ פּראָיעקטן פון קיסרים, מדינות, פילאַנטראָפּן, ווו יידן זענען געווען בלויז אַן אָביעקט. דאָרט ווו ס'זענען יאָ געווען פּרוּוון צו פאַרווירקלעכן דעם טעריטאָריאַליזם איז ניט געווען קיין אַנטוויקלטע טעריטאָריאַליסטישע אידיי. די יידישע קאָמוניסטן האָבן אונטערשטיצט ביראָ־בידזשאַן, ניט אַנטוויקלענדיק קיין טעריטאָריאַליסטישע אידיי. זיי האָבן פּשוט אויסגעפּילט אַ פּאַרטיי־אויפגאַבע. זיי האָבן ניט געהאַט די אָנשוויאונגען פון קאַלינינען, וועלכער האָט געזאָגט, אַז יידן זענען אַ פאָלק ווי אַנדערע פעלקער און דאַרפן האָבן אַ טעריטאָריע. צו די טעריטאָריאַליסטישע אידייען זענען אַבסטראַקט לאָגיש דערגאַנגען הערצל, פּינסקער, אָבער דאָס זענען געווען אידייען, וועלכע קומען פון דער אינערער נויט פון פאָלק. אין טעריטאָריאַליזם זענען דאָ מאָמענטן וואָס זענען געמיינזאַם מיטן ציוניזם. אין יסוד פון דעם געדאַנקען־גאַנג ליגט, אַז יידן זענען אַ נאַציע, וואָס לעבט אומנאָרמאַל, ווייל זי האָט ניט קיין טעריטאָריע. כדי

נארמאל זיך צו אנטוויקלען מוזן די יידן האבן פאליטישע, עקאנאמישע און גייס־טיקע זעלבסטשטענדיקייט. א פאלק האט דאן א לאנד, ווען ס'איז די מאיארי־טעט אין דעם לאנד. דער פאקטישער בעל־הבית פון א טעריטאריע איז דער, וואס באארבעט זי.

די טעריטאריאליסטן האבן די אויפפאסונג, אז ס'עקזיסטירט א יידן־פראַ־גע, וואס איז א רעזולטאט פון דעם, וואס די יידן האבן ניט קיין טעריטאריע, וועלכע זיי זאלן באארבעטן און לעבן אויף איר זעלבסטשטענדיק. יידן מוזן דער־פאר קריגן א טעריטאריע. דאס נאציאנאלע אנדערש־זיין פון יידן צווישן אנדע־רע פעלקער ברענגט צו עמיגראציע, וועלכע איז ארגאניש פארבונדן מיטן לעבן פון יידישן פאלק, איז א געזעץ פון דער יידישער געשיכטע און ווירקלעכקייט. די עמיגראציע ברענגט ניט קיין לייזונג פון דער יידן־פראגע. ביי יידן איז דא א שטענדיקע נויטווענדיקייט פון עמיגראציע, ווייל זיי זענען ארגאניש אפהענגיק פון די, וואס לעבן אויף דער געגעבענער טעריטאריע, ווייל זיי זענען אן אומ־נארמאל פאלק מיט אן אומנארמאלן ארבעטער־קלאס. די עמיגראציע ברענגט ניט קיין לייזונג פון דער יידן־פראגע, ווייל אין דעם נייעם לאנד ווערן די יידן פרי־ער צי שפעטער איבעריק און מוזן ווידער עמיגרירן. דעריבער מוזן יידן האבן אן אייגענע טעריטאריע און קאלאניזירן זי. דעריבער מוז מען געפינען פאר יידן אזא טעריטאריע און באזעצן זיי אויף איר. דאס איז א לאגישער געדאנק, אבער ער האט א חסרון, וואס ער איז נאר שכלדיק, נאר לאגיש און שטיצט זיך ניט אויף דער ווירקלעכקייט, אויף די כוחות פון לעבן.

דער טעריטאריאליזם איז אן אוטאפישע באוועגונג, פונקט ווי ס'איז גע־ווען דער סאציאליזם ביז וואנען ער איז ניט געווען געבונדן מיטן ארבעטער־קלאס און זיין היסטארישער נויטווענדיקייט. ניט בלויז מיטן שכל לעבט דער מענטש, ער לעבט לויטן ווילן פון לעבן און ער הערשט אויך איבערן שכל. דער שכל אליין איז א מיטל. דער אינטערעס צום לעבן איז די באוועגונגסקראפט און דער שכל איז נאר א דינער.

דער ראציאנאליזם, ד. ה. דאס דערקלערן לויטן שכל, לויט דער לאגיק — איז ניט קיין ריכטיקע אויפפאסונג פון לעבן. דער ראציאנאליזם האט צוויי קעג־נער: איין קעגנער, וועלכער מיינט, אז דער מענטש קען ניט פארשטיין דאס לעבן, אז דער מענטשלעכער שכל איז זייער באגרענעצט און עס זענען פאראן

פיל זאכן, וואס זענען פאר אים אומפארשטענדלעך, וואס מען קען זיי פילן, אבער ניט פארשטיין. דאס זענען די רעליגיע, דער מיסטיציזם. דער מיסטיציזם האט זיינע ווארצלען, אבער עס איז ניט ריכטיק, אז ניט אלץ קען מען פאר־שטיין און דערקלערן. דער מיסטיציזם איז א שוואכקייט פון מענטשן וואס ווילן ניט פארשטיין און זאגן, אז מען דארף ניט אלץ פארשטיין. די געזעצן פון לעבן גיבן א מעגלעכקייט צו פארשטיין און פארשטיין קען מען בלויז מיטן שכל. דער מענטשלעכער געדאנק איז דאס איינציקע געווער צו פארשטיין, אין דעם זין איז דער ראציאנאליזם גערעכט. ריכטיק, ס'זענען פאראן זאכן, וואס מיר ווייסן נאך ניט. דער מענטשלעכער פארשטאנד איז דאך ניט אבסאלוט. דער עצם באַ־גריף פון אבסאלוט איז דאס, וואס האט ניט קיין באציונג צו א לעבעדיקער זאך, אבסאלוט איז אן אידיי, וואס הענגט ניט אפ פון קיינע באציונגען. דער מיס־טיציזם לייקנט דעם ראציאנאליזם, אבער ער איז ניט גערעכט.

דער ראציאנאליזם האט נאך א קעגנער. אויב מ'פארשטייט די וועלט בלויז מיטן שכל איז דאס ניט גענוג, ווייל פארשטיין איז נאר א פונקציע פון לעבן און ניט דאס לעבן אינגאנצן. דער מענטש פארשטייט נאר אין פראצעס פון לעבן. ער עקזיסטירט אין פראצעס פון פארזעצן דאס לעבן, און דאס, באנוצנדיק זיך מיטן שכל. שלעכט איז דאן, ווען ער מיינט, אז דער שכל איז דער איינ־ציקער מיטל צו באוועגן זיך אין לעבן: ווייל לעבן איז נאך אויך אן אינסטינק־טיווע נויטווענדיקייט. דער באוועג־גרונט פון שכל איז דער אינטערעס פון לעבן און דאס פארזעצן די באהערשונג פון דער נאטור.

דאס אויפווייזן, אז פריוואט־אייגנטום איז שלעכט און סאציאליסטיש אייגנטום איז בעסער, ברענגט ניט צו קיין באוועגונג. אויב דער אינטערעס פון מענטשן פאדערט צו לעבן אנדערש — וועט אים שוין דער שכל דיקטירן ווי דאס בעסער צו טאן, כאטש לאגיש און שכלדיק איז דאס ניט אזוי, ווי ער וויל. דער מענטש דיקטירט דעם שכל און וואלט אלץ געווען בלויז לויטן שכל, וואלט אפשר דאס לעבן אונדזערם אנדערש אויסגעזען. דער סאציאליזם איז געווארן א באַ־וועגונג ניט פ ו ן מארקסן, נאר ד ו ר ך מארקסן, ווייל ער האט געפונען דעם כוח, וואס וועט פארווירקלעכן דעם סאציאליזם, ארויסדרינגענדיק פון די לעבנס־אינטערעסן און ניט נאר פון שכל, כאטש לאגיש איז אפשר מעגלעך, אז מען קען אריבערגיין צום סאציאליזם אן קלאסן־קאמף. מען טאר ניט מיסטיש

פאַרשטיין די וועלט. מען דאַרף פאַרשטיין די געזעלשאַפט אין אַנטוויקלונג פון נאַטור־ און פּראָדוקציע־מיטלען, וואָס שאַפן ביים מענטשן פאַרשידענע אינטע־רעסן, וועלכע באַוועגן זיי.

דער טעריטאָריאַליזם איז אַ לאַגישע אידיי, נאָר אַן דעם לעבעדיקן יידן און אָן דער ממשותדיקער טעריטאָריע. זיין פּראָגראַם איז אוטאָפּיש, ווייל ס'איז ניטאָ אין דער וועלט אַזאַ טעריטאָריע, וואָס וואַרט סתם אויף יידן. מען האָט שוין געזוכט פאַרשידענע טעריטאָריעס. דאָס האָבן געטאָן מענטשן, וואָס זענען געקומען צום יידנטום דורכן אַנטיסעמיטיזם און דענקענדיק לאָגיש, אָבער אָן דער איבערלעבונג און פאַרבינדונג פון די יידישע מאַסן צו אַ געוויסן לאַנד. די אידיי פון טעריטאָריאַליזם מוז אָננעמען אַ געשטאַלט. הערצל איז געקומען צום טעריטאָריאַליזם נאָך דער איבערלעבעניש פון דרייפוס־פּראָצעס, פון פאַרלירן די עמאַנסיפּאַציע פון יידן. אָבער אַדאַנק דער פאַרבינדונג מיט יידן קומט ער ביס־לעכווייז צום ציוניזם. דער טעריטאָריאַליזם איז געווען אַ וועג צום ציוניזם. עס זענען געווען טעריטאָריאַליסטן, וועלכע האָבן אָנגענומען דעם ציוניזם.

ס'איז פאַראַן אויך אַן אַבסטראַקטער טעריטאָריאַליזם, וואָס פאַרלירט די פאַרבינדונג צו אַ באַשטימטן לאַנד. די מענטשן קומען צו דעם דורך קריזיסן אין ציוניזם. זיי האָבן אויסגעשיילט פון דער אידיי די קאָנקרעטע ציוניסטישע טעריטאָריאַלע באַוועגונג, אויסגעשיילט די טיילן, וואָס זענען ניט פאָרמעל ראַ־ציאָנאַליסטיש. אָנטרעפנדיק זיך אויף שוועריקייטן אין דער פראַגע פון א"י האָבן די דאָזיקע טעריטאָריאַליסטן ניט באַקעמפט זיי, נאָר אָפּגעטרייסלט זיך פון זיי. לאָגיש קען מען שאַפן אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי אויסצומיידן שוועריקייטן, אָבער אין לעבן — ניט. וויפל מאָל דער אַרבעטער פאַלט דורך וואַרפט ער ניט אָפּ דעם סאָציאַליזם, כאָטש לאָגיש קען מען זוכן אַן אַנדער וועג אין קאַמף. אויב טער־קיי האָט ניט געגעבן א"י — האָט זאַנגוויל פאַרגעלייגט אָפּצוזאָגן זיך פון דעם לאַנד און זוכן אַן אַנדער טעריטאָריע, ניט ביי די טערקן. ער האָט אָבער פאַר־געסן, אַז ס'איז ניטאָ קיין טעריטאָריע, וואָס געהערט ניט צו קיינעם. און אפילו כדי צו אַנטדעקן אַ פרישע טעריטאָריע מוז מען האָבן אַ מדינה, אַ פלאָט און מיליטער זי צו באַהערשן. יעדע טעריטאָריע, וואָס געהערט צו אַ מדינה, איז דער מדינה אַליין נויטיק. די פּריינטלעכסטע רעגירונג וועט אירע אַ טעריטאָריע ניט

אוועקגעבן, ווייל ס'איז ניטאַ קיין מדינה, וואָס זאָל זיך אידענטיפיצירן מיט יידישע צרות.

די צווייטע שטערונג, צוליב וועלכער די טעריטאָריאַליסטן וואַרפן אָפּ א"י, איז דאָס וואָס אין דעם לאַנד וווינען אַראַבער. נאָר ווו איז דען דאָ אַ לאַנד אָן אַן אָרטיקער באַפעלקערונג ? אויב אַפילו ס'איז פאַראַן אַ נישט באַזעצט לאַנד איז דאָס דערפאַר, ווייל מען האָט עס ניט געקענט איינגעמען. ס'זענען ניט פאַראַן אַזעלכע חסרונות אין א"י, וואָס זאָלן אין אַנדערע לענדער ניט זיין. וואָס פאַרא שוועריקייטן ס'האָט א"י — זענען זיי אין אַנדערע לענדער פיל ערגער. יעדע טעריטאָריע האָט אירע חסרונות. און אויב ס'זענען פאַראַן ערטער, ווו עס איז אַ גן־עדן — האַלט מען אים ניט פאַר אונדז. מען קען ניט אויסקלייבן דאָס בעסטע לאַנד, ווייל קיין לאַנד וואַרט ניט אויף אונדז.

ד ע ר טעריטאָריאַליזם, וואָס איז נ י ט דערגאַנגען צו א"י — איז אַ שטאָפּל צו ציון. אָבער די טעריטאָריאַליסטן, וואָס קומען פון א"י, — זענען אַנטי־ציוניסטיש, אַנטי־פאַלעסטיניש. זייער טעריטאָריאַליזם דריקט זיך אויס אין שנאת ציון. דער אַנטי־ציוניזם מוז ליגן אין זייער וועזן, ווייל מען קען ניט זוכן קיין אַנדער טעריטאָריע אויב מען איז פאַרבונדן מיט א"י. ד ע ר טערי־טאָריאַליזם איז פאַראורטיילט צו נישט פאַרווירקלעכט ווערן. אומעטום זענען דאָ שטערונגען, און אויב ער וואַרפט אָפּ די היסטאָרישע טעריטאָריע, מיט וועל־כער יידן זענען פאַרבונדן, וועט ער מוזן אָפּוואַרפן יעדע אַנדערע טעריטאָריע, ווייל אויב אַפילו ס'קען זיך געפינען אַ לאַנד בעסער פון א"י, וועלן זיך שפּעטער אַרויסווייזן פיל שטערונגען. בכלל איז נאַריש צו טאָן זאַכן, וואָס זענען נאָר מעגלעך. מען טוט אַלץ, ניט קוקנדיק אויף שוועריקייטן.

דער טעריטאָריאַליזם איז אַ שעדלעכע באַוועגונג פאַרן יידישן פאָלק צוליב זיין זינלאָזיקייט און ציללאָזיקייט; צוליבן אָפּרייסן זיך פון לעבעדיקן ייד און פון וועלכער ס'איז קאָנקרעטער טעריטאָריע; צוליב דעם, וואָס ער בויט אויף איבעררייסן מיט דער יידישער טראַדיציע און פאַרגאַנגענהייט. דער טעריטאָ־ריאַליזם טראָגט אַ שנאת ציון, אַ שטרעבונג אָפּצושוואַכן דעם ווילן פון פאָלק צו לעבן אין א"י. צוליב דעם איז ער אויך קעגן עברית. דער טעריטאָריאַליזם איז פעסימיסטיש בנוגע דעם גלות און פרוכטלאָז בנוגע דער צוקונפט.

# זוכענישן און בלאָנדזשענישן

די גרעסטע טייל יידישע ארבעטער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין „בונד". שוין פון אָנהויב איז געווען אַ סאָציאַליסטישע שטרעמונג אויך אין ציוניזם. אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז ניט דאָס זעלבע וואָס אַן ארבעטער-באַוועגונג, כאָטש אַן אַרבעטער-באַוועגונג איז מערסטן טייל אויך אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, ווייל דער סאָציאַליזם אַנטשפּרעכט די אינטערעסן פון אַרבעטער-קלאַס. ביי יידן זיינען אָפט געווען מענטשן סאָציאַליסטיש געשטימטע און גלייכצייטיק ציוניסטן. אָבער ניט תמיד האָט זיך דאָס געענדיקט סינטעטיש. אָפטמאָל האָט מען די צוויי אידעאָלאָגיעס אַנטקעגנגעשטעלט און באַטראַכט אַלס ווידערשפּרעכנדיקע. אָבער דער ציוניסטישער סאָציאַליזם ציילט שוין אויך לאַנגע יאָרן, מער ווי דער פּאָליטישער ציוניזם גופא. עס זיינען געווען אין ציוניזם פון ערשטן מאָמענט אָן אַרבעטער. משה העס איז געווען דער ערשטער ציוניסט-סאָציאַליסט, אָבער ער האָט ניט געשאַפן קיין באַוועגונג, וואָס זאָל טראָגן זיינע געדאַנקען. סירקין איז געווען דער ערשטער באַקאַנטער ציוניסט-סאָציאַליסט און דערנאָך איז ער געווען איינער פון די פירער פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער אַרבעטער-ציוניזם האָט זיך ניט אָנגעהויבן אַלס צענטראַלע באַוועגונג. אין פאַרשיידענע ערטער האָט מען געשאַפן פאַרשיידענע „טאַלקן" פון אַרבעטער-ציוניזם. אומעטום האָט מען געפּרוווט שאַפן פאַרשיידענע ציוניסטישע אַרבעטער-אידעאָלאָגיעס, פאַרשיידענע באַגרינדונגען. דאָס איז דוקא אַ באַווייז פאַר דעם פאָלקס-כאַראַקטער פון פּועלי-ציוניזם. באָראָכאָוו און סירקין — קען מען זאָגן — האָבן געבויט די געדאַנקלעכע געביידע פון סאָציאַליסטישן אַרבעטער-ציוניזם. אָבער זיי האָבן אַריינגענומען אין דער געביידע און זי געבויט פון די געדאַנקען-שטיינער צערוואָרפענע אויף פאַרשיידענע ערטער דורך אַרבעטער ציוניסטישע קרייזן, וועלכע האָבן געהאַט פאַרשיידענע נעמען: „אַרבעטער-ציוניסטן", „סאָציאַליסטן-ציוניסטן" און מערסטנס — פּועלי-ציון.

עס זיינען געווען אַרבעטער ציוניסטן, וועלכע האָבן אין „בונד" ניט געקענט אַריינגיין, ווייל דער „בונד" האָט אָנגענומען אויף איינע פון זיינע ערשטע צוזאַמענפאָרן אַ רעזאָלוציע קעגן ציוניזם, אָפּשליסנדיק מיט דעם די מעגלעכקייט פון צוזאַמענאַרבעט צווישן אַרבעטער-ציוניסטן און אַרבעטער ניט-ציוניסטן. וואָס ווייטער איז געווען אַ גרעסערע נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן

די אַרבעטער-ציוניסטן אַלס אַן אַלרוסישע באַוועגונג, דערנאָך אַלס אַן אַלוועלטלעכע.

ווען דער אַרבעטער-ציוניזם האָט זיך אָרגאַניזירט אַלס אַ פּאַרטיי, איז געווען אַזאַ רייכע און שווערע פּראָבלעמאַטיק און אונטערשיידן צווישן פאַרשיידענע קרייזן, אַז עס האָט דעם פּועלי-ציוניזם געריסן אין אַלע זייטן. און עס זיינען פון אָנהויב אָן געווען שטאַרקע חלוקי-דעות. איינע פון די שווערסטע איז געווען די פראַגע פון באַטייליקן זיך אין די אָרטיקע פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע ענינים.

אין 1903 איז פאָרגעקומען דער ערשטער לעגאַלער ציוניסטישער צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן כ'האָבן זיך פאַרבונדן צווישן זיך אויך די אַרבעטער-ציוניסטן און האָבן אויסגעקליבן פאַר זייער צענטער מינסק. דער מינסקער פּועלי-ציוניסטישער צענטער האָט געהאַלטן, אַז די „פּועלי-ציון" דאַרפן ניט אָנטיילנעמען אין פּאָליטישן קאַמף אין רוסלאַנד (זיי האָט מען גערופן די „מינטשוקעס"). די וואָס זיינען געווען פאַר אָנטיילנעמען אין קאַמף האָט מען גערופן „פּעקאיסטן" (פּ. ק. — ד. ה. פּאָליטישער קאַמף). דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער וויכוח — אַ גרויסער קעגנזאַץ אין פּועלי-ציוניזם, וועלכער איז געווען מיט דעם געפערלעך וואָס אין יענער צייט — פאַר דער רעוואָלוציע — איז דער פּאָליטישער קאַמף אין רוסלאַנד געווען זייער אינטענסיוו. די „מינטשוקעס" האָבן געטענה'ט אַז מיר האָבן ניט פון פּאָליטישן קאַמף וואָס צו דערוואַרטן, ווייל אַפילו נאָך דער רעוואָלוציע, ווען דער צאַריזם וועט פאַלן, וועט זיך פאַר יידן גאָרניט ענדערן. און, דער פּאָליטישער קאַמף קען אונדז נאָר אָפּשוואַכן און אָפּנייגן פון ציוניזם. די „פּעקאיסטן" זיינען געווען קעגן „בונד", אָבער זיי האָבן אויך געוואָלט אָנטיילנעמען אין דער רעוואָלוציע. די יידן זיינען פאַרפאָלגט — האָבן זיי געזאָגט — און מען מוז קעמפן. די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען פאַרן פּאָליטישן קאַמף. די אידייע האָבן אונטערשטיצט ניגער און לימוואָקאָוו פון וואַרשע און יעקב לעשטשינסקי פון דניעפּראָפּיעטראָווסק. די „פּעקאיסטן" זיינען געווען אַ גרויסע מערהייט און זיי האָבן מער ניט געקענט באַטראַכטן די מינסקער חברים אַלס זייער צענטראַלע. עס איז געווען אַ שווערע פראַגע, ווער עס זאָל צונויפרופן אַ „פּועלי-ציון"-צוזאַמענפאָר.

דערווייל האָט דער ציוניזם איבערגעלעבט דעם אוגאַנדאַ-קריזיס. דער אַרבעטער-ציוניזם האָט זיך מער געגוויטיקט און געפאָדערט אַ וויסנשאַפטלעכע טעאָריע, אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַר זיינע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען.

בכלל, יעדע אָפּאָזיציאָנעלע, רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג נויטיקט זיך שטענדיק מער אין אַ וויסנשאַפטלעכער טעאָריע, ווי אַ באַוועגונג, וואָס פּאַרטיידיקט דאָס עקזיסטירנדיקע. די אוגאַנדאַ־פּראַגע האָט אַרויסגערופן אין אַרבעטער־לאַגער שטאַרקע טעאָרעטישע וויכּוחים וועגן אינהאַלט פון ציוניזם און עס איז אַנטשטאַנען די טעריטאָריאַליסטישע טעאָריע.

חוץ די אויבנדערמאָנטע מיינונגען איז געווען נאָך אַן אויפפאַסונג, וואָס כאָטש זי איז געווען פאַר פּאָליטישן קאַמף, פאַר גלייכבאַרעכטיקונג און יידישער שול, איז זי אָבער געווען פּעסימיסטיש בנוגע דעם גלות. אָט די אויפפאַסונג האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער גרויסער אויפלעבונג פון די יידישע מאַסן, פון דער יידישער קולטור, אויפן וווּקס פון די באַדערפעניש פון אויסלעבן זיך נאַציאָנאַל. זיי האָבן געזאָגט, אַז ווייל אַלע פעלקער ווערן מיט דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אַלץ מער נאַציאָנאַל געשטימט וועט אויך זיין אַן אויפלעבונג ביי די יידן, און אַלס רעזולטאַט פון ווילן פון פולער נאַציאָנאַלער אויסלעבונג, וועלכע איז נאָר מעגלעך אויף אַן אייגענער טעריטאָריע — וועט אויך קומען דער טעריטאָריאַליזם און ציוניזם. און ווייל דער ציוניזם וועט זיין אַ פּראָדוקט פון יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, פון רענעסאַנס — דאַרף מען קעמפן פאַר נאַציאָנאַלע רעכט פון יידן, ניט נאָר ווי דער „בונד“ פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט. יידן דאַרפן זיך געזעלשאַפטלעך אָרגאַניזירן אין קהילות און אין אַן אייגענעם סיים. די וועלט־אָרגאַניזאַציע פון אַלע יידישע סיימען וועט שוין דערגרייכן אַ טעריטאָריע. די טרעגער פון דער אידייע האָבן זיך גערופן „סיימיסטן“.

עס איז געווען נאָך איין שטרייט־פראַגע: ווי אַזוי וועט פאַרווירקלעכט ווערן דער ציוניזם? איין טייל האָט געטענה׳ט, אַז די יידישע נויט שטויסט צו עמיגראַציע און די עמיגראַציע וועט ברענגען צום ציוניזם אָדער טעריטאָריאַליזם. אַ צווייטער טייל — די סיימיסטן האָבן געהאַלטן, אַז די יידן שטייען פאַר אַ רענעסאַנס. דאָס געפינט אַן אויסדרוק אין דעם נאָמען פון זייער אָרגאַניזאַציע און זייער צייטונג „וואָזראָזשדיעניע“ (רענעסאַנס, ווידערגעבורט). זיי האָבן געהאַלטן אַז בעת דער אויפלעבונג וועלן זיך די יידן שטאַרק אָרגאַניזירן און מיט געמיינזאַמע כּוחות קומען צו קאָנצענטרירן זיך אויף איין טעריטאָריע. ס׳איז אוממעגלעך דאָס פולע נאַציאָנאַלע אויסלעבן זיך אין גלות.

אַ וויכּוח־פראַגע איז אויך געווען יידיש־העברעיש. דריי אויפפאַסונגען זיינען געווען: יידיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך; יידיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך; און — יידיש איז די פאָלקס־שפּראַך, עברית — די נאַציאָנאַלע שפּראַך.

די טעריטאָריאַליסטן זיינען געווען פּרינציפּיעל קעגן עברית, ווייל זיי האָבן געטענה'ט אַז די פאַרבינדונג מיט עברית און רעליגיע איז אַ שטערונג פאַר יידן אין אָפּזאָגן זיך פון א"י און באַזעצן זיך אויף אַן אַנדער טעריטאָריע.

נאָכן אוגאַנדע-קאָנגרעס שאַפט אוסישקין אין כאַרקאָוו אַ קאָמיטעט אונטערן נאָמען „ציוני-ציון", וועלכער פירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע קעגן אוגאַנדע-פּראָיעקט. צווישן די אָרגאַניזירטע דורך אוסישקינען אַגיטאַטאָרן קעגן אוגאַנדע זיינען געווען מענטשן פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און פיל אַרבעטער-ציוניסטן זיינען געווען קעגן אוגאַנדע. ס'איז געווען אַ שטאַרקער קאַמף צווישן אוגאַנדיסטן און אַנטי-אוגאַנדיסטן. ס'איז אויך געווען אַ צייט פון פאַרשאַרפטן קלאַסן-קאַמף און עס איז געווען שווער פאַר אַרבעטער-ציוניסטן צו זיין אין אַ פּריוואַטער פאַרייניקונג מיט ניט קיין אַרבעטער, איבערהויפּט דאַן, ווען עס זיינען שוין ניט געווען די גרויסע האָפנונגען פון גיכער פאַרווירקלעכונג פון פּאָליטישן ציוניזם. דאַן האָט זיך געגרינדעט דער פּוילישער „פּועלי-ציון"-פאַרבאַנד. באַראָכאָוו איז נאָך געווען דאַן באַזונדער אַ ציוניסט און באַזונדער אַ סאָציאַליסט. אַ פּועלי-ציוניסט איז ער געוואָרן ערשט אויפן קאָנגרעס. פון קאָנגרעס האָבן זיך צוריקגעקערט אַלס טעריטאָריאַליסטן סירקין, לעשטשינסקי, ניגער, לאַציקי-בערטאָלדי א"אַ. ביי די „סיימיסטן", אין שפּיץ פון וועלכע עס זיינען געשטאַנען זשיטלאָווסקי, ראַטנער, בן-אדיר, זיינען געווען אי פּאַלעסטינצעס אי טעריטאָריאַליסטן, אָבער דאָרט איז דער וויכוח ניט געווען אַזוי שאַרף, ווייל לויטן סיימיזם איז דאָס ניט געווען קיין פראַגע וואָס דאַרף תיכף אַנטשידן ווערן. דאָך האָט דער סיימיזם געמוזט אין דער גרעסטער טייל זיין טעריטאָריאַליסטיש, ווייל אָפּלייגנדיק דאָס פאַרווירקלעכן פון טעריטאָריאַליזם אויף אַ לאַנגער צייט האָט ער ניט געהאַט קיין נויטווענדיקייט מיטצואַרבעטן מיטן ציוניזם, זיין אין אים אַקטיוו.

די גרופּע פון סירקין, לעשטשינסקי און זייערע תלמידים האָבן געגרינדעט די טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע ס. ס. דאָס איז געווען אַ טראַגישע דערשיינונג. זיי האָבן שאַרף אָוועקגעשטעלט די יידישע פראַגע: סיי די סאָציאַליסטישע, סיי די ניט רעאַלקייט פון ציוניזם. דאָס איז געווען אַ באַוועגונג „אף על פי כן": כאָטש מיר האָבן ניט וואָס צו דערוואַרטן פון פּאָליטישן קאַמף, דאַרפן מיר אין אים אָנטיילנעמען. אַלע שוואַכקייטן און מפּלות פון יידישן לעבן האָבן זיי אויפגעשטעלט אַלס וועג.

אין משך פון אַנדערטהאַלבן יאָר האָבן זיך געשאַפן דריי פּאַרטייען: די ס. ס., וועלכע איז געווען די גרעסטע פּאַרטיי, געהאַט אַ סך פירנדיקע מענטשן

און האָט עקזיסטירט אין פּוילן, רוסלאַנד, ליטע און אַמעריקע; די סיימיסטן — „יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי", וועלכע זיינען געווען נאָר אין רוסלאַנד און זיך אונטערשיידט פון די ס. ס. נאָר מיט גרעסערע האָפנונגען אויף דערהרייכונגען אין גלות; און „פּועלי־ציון", מיט באָראָכאָוון בראש, צו וועלכער ס'האָבן זיך שפּעטער פאַריייניקט דער פּאַלעסטינשער טייל פון די סיימיסטן. דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אין פּאָלטאַווע, אין 1906 יאָר, ווו ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּראָגראַם. ער איז שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין באָראָכאָווס „אונדזער פּלאַטפאָרם". אין א יאָר אַרום איז פאָרגעקומען א צוזאַמענפאָר אין קראָקע.

ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז נאָך די ס. ס. געווען א באַוועגונג. קיין טעריטאָריאַליסטישע אַרבעט איז ניט געווען, האָבן זיי זיך געהאַלטן אויף עמיגראַציע און יידישער קולטור. אָבער אַזוי ווי דאָס פאָלק האָט עמיגרירט און אין די נייע לענדער זיך ניט באַזעצט, ניט געטאָן קיין טעריטאָריאַליסטישע אַרבעט; און די טעריטאָריאַליסטן האָבן ניט געקענט ריכטן די עמיגראַציע ווי זיי האָבן געוואָלט — איז דער טעריטאָריאַליזם געוואָרן אן אַבסטראַקטע באַוועגונג, אָן א קאָנקרעטן אינהאַלט און האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין. פון גאַנצן טעריטאָריאַליזם איז געבליבן די קענערשאַפט צום „בונד" און די קעגנערשאַפט צום ציוניזם. מען האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן יידישיזם; ער איז געוואָרן א רעליגיע, אַנשטאָט יעדן נאַציאָנאַלן אינהאַלט. ער האָט אַנטהאַלטן אין זיך א קעגנער־שאַפט צו א"י".

די יידישיסטן זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין 1908 אין טשערנאָוויץ און פּראָקלאַמירט יידיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך. זיי האָבן באַקעמפט עברית, פאַרבינדונגען מיט א"י, באַקעמפט דעם ציוניזם. אין דער צייט פון דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע שאַפן די טעריטאָריאַליסטן און סיימיסטן א פּאַרטיי פון „פאַראייניקטע", וועלכע גיסט זיך שפּעטער אַריין אין דער יידישער סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און בלייבט נאָר ביי איר יידיש. זייער פירער ליטוואַקאָוו ווערט סעקרעטאַר פון דער יעווסעקציע. אין אַמעריקע גייט סירקין צוריק אַריבער צום ציוניזם. דאָרט האָבן זיך נאָך דער מלחמה די טעריטאָריאַ־ליסטן, סיימיסטן און פּועלי־ציוניסטן פאַרייניקט און געשאַפן איין „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי. ביי א גרופּע געזעלשאַפטלעכע טוער בראש מיט ניגערן אַנטשטייט אויך א טעאָריע וועגן דער צווייִשפּראַכיקייט פון יידישן פאָלק, וואָס וויל אויפהאַלטן יידיש און העברעאיש אַלס גלייכבאַרעכטיקטע שפּראַכן.

בייחוד, דער טעריטאָריאַליזם און סיימיזם האָבן ניט געהאַט קיין טערי־טאָריאַליסטישע באַדייטונג, ווייל זיי האָבן זיך ניט געקענט פאַרבינדן מיט וועלכן ניט איז רעאַליזירנדיקן כוח. זיי האָבן ניט געזען קיין רעאַלע כוחות פון אויפבוי. די טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונג איז ווידערשפּרוכספול אין איר אינהאַלט, ווייל זי לייקנט דעם גלות און אַרבעט נאָר אין אים. זי איז אַ בלאָנדזשעניש. זי איז אַבסטראַקט און האָט ניט קיין לעבעדיקע באַציונג צום יידן, צו זיינע נויטן און באַדערפענישן. דער טעריטאָריאַליזם איז געקומען מיטן דורכפאַל פון דיפּלאָמאַטישפּאָליטישן ציוניזם. דער פּאָליטישער ציוניזם איז דורכגעפאַלן אין דעם, אַז מען קען דורך דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען באַקומען אַ מדינה אַלס פּאַרבאַדינג פון פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם. אַזוי אַז דער טעריטאָריאַליזם איז אַ פּראָדוקט פון דורכפאַל פון דיפּלאָמאַטישן ציוניזם. ער האָט מקריב געווען די פאַרבינדונג פון יידן מיט א״י צוליב בעסערע דיפּלאָמאַ־טישע באַציונגען. דער טעריטאָריאַליזם האָט ניט געשאַפן ניט קיין באַוועגונג, ניט קיין רעאַלע ווערטן.

## פּועלי-ציון — ערשטע טריט

אויף דער פראַגע: פאַרוואָס א״י? — זיינען אין פּועלי־ציון געווען דריי שטעלונגען.

א) דער פּראַקטישער פּאַלעסטיניזם, וועלכער האָט געפּרווט באַגרינדן, אַז א״י איז פּראַקטיש דאָס בעסטע לאַנד פאַר יידן.

ב) דער פּרינציפּיעלער פּאַלעסטיניזם, וועלכער זאָגט, אַז א״י איז די יידישע היסטאָרישע היים און איז אַן אָרגאַנישער טייל פון ציוניזם.

ג) דער פּראָגנאָסטישער ציוניזם, וועלכער האַלט, אַז די עמיגראַציע־באַוועגונג וועט כּוח לכל סוף ברענגען די יידן קיין א״י.

ווען די ציוניסטישע באַוועגונג וואָלט זיך ניט פאַרבונדן מיט א״י וואָלט זי גאָרניט געשאַפן ביז איצט. פאַר די פּרינציפּיעל א״י-דיקע פּועלי־ציוניסטן איז געווען איין וועג: קאָלאָניזאַטאָרישע חלוצישע מעשים אין א״י, אָפּוואַרפנדיק אַלע אַנדערע טעריטאָריאַליסטישע שטרעבונגען.

ווי אַזוי איז אונדזער באַוועגונג פאַרבונדן געוואָרן מיט א״י? קענענדיק די לאַגע פון יידישן פאָלק אין גלות מיט זיינע אַלע נעגאַטיווע דערשיינונגען, וואָס דריקן זיך אויס ביי פאַרשיידענע קלאַסן פאַרשיידן (אָבער אַלע קלאַסן פון פאָלק ליידן אין גלות), זעענדיק ווי דאָס אַלץ דערפירט צו דעם, אַז ביי יידן

פעלן קלאסן פון פיזישער ארבעט, נאענטער צו דער נאטור — זיינען מיר געקומען צום אויספיר וועגן דער נויטווענדיקייט פון א טעריטאריע. אבער אויב דער ציל פון ארויסגיין פון דער אומנארמאליטעט איז ניט קאנקרעט, איז ניטא קיין מעגלעכקייט צו לייזן די פראגע. די ציוניסטישע באוועגונג איז דערפאר א לייזונג, ווייל זי פארבינדט זיך מיט א רעאלער טעריטאריע — ארץ ישראל, מיט וועלכער די יידן האבן געהאט באציונגען און פארבינדונגען במשך פון דער גאנצער געשיכטע. יידן האבן געוווינט במשך פון דער געשיכטע אין פיל לענדער און איבערגעגעבן פון דור צו דור דאס געדענקען, אז ארץ ישראל איז זייער פאטערלאנד, אז דארט האבן זיי געלעבט און געשאפן. קיין שום לאנד האט ניט געקענט ווערן זייער היים, האט ניט געקענט צובינדן צו זיך דאס יידישע פאלק, ווייל די יידן האבן ניט געהאט קיין נייע באציונגען מיט א וועלכער ס'איז טעריטאריע. וואס זאל קענען אפמעקן זייער געדענקען וועגן א"י. יידן זיינען געווארן א פאלק אדאנק זייערע באציונגען מיט א"י, אדאנק דער צוגעבונדנקייט צום לאנד. די פארבינדונג פון די יידן מיטן לאנד שטאמט פון איר שעפערישער באהערשונג און קאלאניזאציע. אין א"י זיינען שוין יידן געווען סיי אין סאציאלן זין, סיי אין קולטורעלן זין אנטוויקלט פילזייטיק און דער זכרון, וואס איז א טייל פון יידישן זיין, האט ניט געלאזן די יידן זיך אסימילירן און קאלאניזירן אויף פרעמדע טעריטאריעס. יידן האבן דורכגעמאכט אין א"י די גאנצע אנטוויקלונג פון ווילדע וואנדער־שבטים — ביז א פארייניקטן אנטוויקלטן פאלק. דעריבער האבן די צוויי טויזנט יאר לעבן אין גלות ניט געקענט מבטל מאכן דאס נאציאנאלע געפיל ביי יעדן יידן. דאס נאציאנאלע איז ניט אזוינס, וואס איז אויסערהאלב דעם מענטשן, עס עקזיסטירט אין יעדן מענטשן. און ווייל דער ייד האט זיין נאציאנאלע אייגנארט איז ער אין יעדן לאנד א פרעמדער, ער בלייבט אי א ייד, אי א פוילישער ייד, און אין דעם ליגט א ווידערשפרוך.

ארץ ישראל איז די היים פון יידישן פאלק. עס טרעפט זיך, אז א מענטש האט פיינט זיין היים, אבער ער פילט, אז זי איז פארט זיין היים, אומאפהענגיק צי זי איז גוט אדער שלעכט, ווייל א היים איז אן אינטימע לעבנס־זאך און נישט קיין זאך פון פריווויליקייט.

דער באוווסטזיין פון מענטשן איז סוביעקטיוו, מען קען אים ענדערן, אבער דער זיין איז אן אביעקטיווער יסוד. צי דער ייד וויל, צי ער וויל נישט, איז ער פארבונדן מיט א"י. ער איז א מיטגליד פון דער יידישער נאציע און ער

מוז קומען צו דעם דאזיקן באוווסטזיין. יידן זיינען פרעמד צווישן פעלקער, ווייל זיי זיינען יידן. אבסטראקט גענומען זיינען יידן א נאציע, קאנקרעט זיי־נען זיי יידן. די נאציאנאלע שפּראַך איז א פּראָדוקט פון דער קולטור און א מיטל פאר אנטוויקלען די נאציאנאלע קולטור ווייטער. דאס זיין איז דאס זיין א קאנקרעטע נאציע. וואלט דאס יידיש זיין נישט געהאט קיין פּאזיטיוון אינהאלט און באשטאנען נאר אין דער פרעמדקייט כלפּי אנדערע, וואלטן מיר בלויז געווען ניט־רוסן, ניט־דייטשן, און וואלטן ניט געווען קיין יידן, נאר בלויז פרעמדע — וואלטן מיר ניט געהאט קיין עלעמענטן פון אויפ־לעבונג, וואלטן מיר קיינמאל צו קיין זעלבסטשטענדיקייט ניט געקאנט דערגיין. דאן וואלטן מיר זיך אדער אסימילירט, אדער אונטערגעגאנגען.

זעלבסטשטענדיק קען מען ווערן ווען מען איז עפּעס. אונדזער באוועגונג איז מעגלעך, ווייל יידן זיינען א נאציע, האבן א יסוד פון ווערן זעלבסט־שטענדיק, האבן א דראנג צו לעבן נארמאל אין אן אייגן לאנד. במשך פון די אלע יארן פון גלות איז ניט איבערגעריסן געווארן די פארבינדונג פון יידן מיט א״י און שטענדיק, בעת פארפאלגונגען — פלעגן טייל יידן גיין אהין. די בענקשאפט און באציונג פון יידן צום לאנד האט זיי געפירט אהין אומאפּ־העניק פון דעם, ווער ס'האט אין לאנד געהערשט. אויך אין צייטן פון רע־נעסאנס וואכט אויף ביי יידן דער נאציאנאלער באוווסטזיין, וואס פירט קיין א״י. סיי די חסידים, סיי די מתנגדים פלעגן שיקן מענטשן קיין א״י אלס שלי־חים פון פאלק. סיי אין גוטע, סיי אין שלעכטע צייטן האט עקזיסטירט א נאַ־ציאנאלע פארבינדונג פון יידן מיט א״י. די ציוניסטישע באוועגונג וואלט גאר־ניט אנטשטאנען, ווען ניט דאס רעליגיעזע געדענקען און די היסטארישע פאר־בינדונג פון יידן מיט זייער לאנד. אט דאס ווילן אפּלייקענען די טעריטאריא־ליסטן. אויב זיי אנערקענען דאס שוין יא, באטראכטן זיי דאס ווי א שעדלעכע ראמאנטיק, אדער בלויז אלס רעליגיעזע פארבינדונג.

אויב דאס ניט — טא וועלכע פארבינדונג בלייבט פאר יידן מיט וועלכעם ניט איז לאנד? און מיר דארפן זיך דאך קאלאניזירן, אריבערגיין פון גייסטי־קער ארבעט צו פיזישער, פון פאסיוון לעבן — צו קאמפס־גרייטקייט, פון זיין איינצלנע — צו ווערן נאציאנאל ארגאניזירט אין א צוואנג און אן הילף פון אנדערע. און דאס איז די שווערסטע קאלאניזאציע אויף דער וועלט. ווען א צעווייט פאלק קאלאניזירט א ניי לאנד ווערט עס געטאן מיט מלוכה־מיטלען, מיט א פלאן און מיט מענטשן, וואס זיינען פון פריער פעיק דערצו. אונדזער

כוח איז דער יאוש פון דער קעגנוואַרט, די אויסזיכטלאָזיקייט פון דער צוקונפט, די פאַרבינדונג פון פאָלק מיט זיין עבר און דער ווילן צו לעבן. אונדזער פאַר־בינדונג מיט א"י איז ניט קיין פּראַקטישע ניט קיין פּראָגנאָסטישע, נאָר אַן אָרגאַנישע, אַ נאַטירלעכע. בעת אוגאַנדאַ האָבן מיר געזאָגט: ניט די פּאָליטישע און פּראַקטישע פאַרבינדונגען מיט א"י, נאָר די היסטאָרישע — דאָס איז די פאַרבינדונג צו ציוניסטישער טעטיקייט.

ווען דער פראַגע פאַרוואָס דוקא א"י איז אַ סך געשריבן געוואָרן. באָראָ־כאָוו וויל באַווייזן, אַז א"י איז דאָס בעסטע לאַנד פאַר יידן, אַז קיין בעסער לאַנד איז פאַר זיי ניטאָ, כאָטש דאָס איז שווער צו דערווייזן און איז ניט אינ־גאַנצן ריכטיק. ס'זיינען דאָ גוטע לענדער, אפשר בעסערע פאַר א"י, אָבער יענע וואַרטן ניט אויף יידן, זיי זיינען שוין באַזעצט. דעריבער דאַרפן מיר באַזעצן דאָס לאַנד, וואָס איז אונדזערס היסטאָריש, צו וועלכן מיר שטרעבן שוין טויזנטער יאָרן. ווען באָראָכאָוו ווערט אַ פּועלי ציוניסט ווערט ער אַ פּראָגנאָס־טישער ציוניסט. ער זאָגט, אַז פּונקט ווי די געשיכטע פירט צום סאָציאַליזם — וועט דער אידעאַל פון אונדזער באַוועגונג ווערן פאַרווירקלעכט דורך דער גע־שיכטע. די געשיכטע פירט צו וואַנדערונגען, צו סטיכישער עמיגראַציע און יידן וועלן מוזן קומען אין א"י, ווייל די סטיכישע עמיגראַציע וועט אין קיין אָרט ניט לייזן די יידן־פראַגע, אויסער דאָרט, וווּ יידן וועלן אַריבערגיין צו ענ־גער פאַרבינדונג מיטן לאַנד. דאָס קען נאָר זיין אין ארץ ישראל. דערנאָך ערשט האָט באָראָכאָוו צוגעגעבן צום „פּועלי־ציון"־פּראָגראַם, אַז ס'איז דאָ אַ ה י ס ־ ט אָ ר י ש ע א ו י פ מ ע ר ק ז א מ ק י י ט א ו י ף ד ע ר ה י ס ט אָ ר י ש ע ר ה י י ם, און יידן קאָנצענטרירן זייער אויפמערזאַמקייט אויף א"י, ווייל זיי זיינען מיט דעם לאַנד פאַרבונדן. דאָס איז דער פּרינציפּיעלער פּאַלעסטיניזם.

יידן זיינען אין דער געשיכטע אַ נאַציע און נאָר ווען ס'איז דאָ ביי זיי אַ היסטאָרישער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזיין זיינען זיי פעיק אויף נאַציאָנאַלער אָר־גאַניזאַציע און נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע. די וויכטיקייט פון דער אוגאַנדאַ־דיסקוסיע איז געווען, וואָס צוליב דעם אוגאַנדיזם איז מען געווען גרייט אינ־גאַנצן אויסצומעקן פון זכרון א"י. דער אוגאַנדיזם מאַכט קלאָר די געפאַר, וואָס ליערט אין דער ניט־קאָנקרעטקייט פון טעריטאָריאַליזם. אויב דער ציל פון אונ־דזער באַוועגונג וועט זיין באַווירקט פון אויסערלעכע סיבות, ניט פון אינער־לעכע — וועט זי ליידן פיל קריזיסן; ביי יעדער שטערונג וועט זי זיך אָפּנייגן פון א"י. דעם ציל פון דער באַוועגונג קען מען ניט אויסטראַכטן, ער מוז ליגן

אין איר גופא. א באוועגונג מוז פּאַרויסזען, וווהין ס'פירט די אַנטוויקלונג, זי מוז אין איינקלאַנג מיט דער אַנטוויקלונג פון לעבן פּראָגנאָסטיש באַשטימען איר פּראָגראַם. אָבער אויב אַ ציל גייט אַרויס ניט פון די אינערע אינטערעסן — ווערט ער ניט אָנגענומען. אַ באַוועגונג מוז באַשטימען אַ ציל לויט אירע אינטערעסן און נויטן. דער כוח פון מאַרקסיזם איז ניט נאָר אין דעם, וואָס ער האָט פּראָגנאָסטיש געזען, אַז די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק ברענגט צו דער איבערגעוויכט פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר ווייל דער אידעאַל איז פּרינציפּיעל פאַרבונדן מיט די קלאַסן־אינטערעסן פון די אַרבעטער — מוזן די אַרבעטער פאַר אים קעמפן.

קיין ציוניסטישע פאַרווירקלעכונג איז כמעט ניט געווען אין צייט פון אור־גאַנדרא, ס'איז געווען בלויז אַן אידעאַל, געדאַרפט האָט מען זאָרגן, אַז יעדער מענטש זאָל פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל. די באַוועגונג איז געשטאַנען קעגן שטראָם, ווייל דער שטראָם איז געווען די רוסישע רעוואָלוציע. דאָס, צוזאַמען מיטן דורכפאַל פון דיפּלאָמאַטישן ציוניזם אין א"י, ווירקט, אַז דער פּאַלעסטי־ניזם בלייבט נאָר אַ פּראָגנאָסטישער, מען זעט זיין פאַרווירקלעכונג אין דער צוקונפט; און אין דער געגנוואַרט טוט מען דאָס זעלבע, וואָס ס'טוען ניט־ציוניסטן. מען נעמט ניט אַז דעם וועג פון פּערזענלעכער ציוניסטישער פאַר־ווירקלעכונג אין ציוניסטן לעבן און מען וואַרט אויפן סטיכישן פּראָצעס.

דאַן האָט אונדזער טייל אין „פּועלי־ציון" אויפגעוועקט דעם פּרינציפּיעלן פּאַלעסטיניזם און פּיאָנערישן אַקטיוויזם. דער ציוניזם מוז געטראָגן ווערן ווי אַן אידעאַל און מוז פאַרווירקלעכט ווערן דורך יעדן איינציקן פּערזענלעך. יעדער איינער מוז אַליין אַריבערגיין צו ארץ ישראל, צו אַרבעט, צו עברית. דער ציוניזם מוז זיין אַ קאָלאָניזאַטאָרישער פּראָצעס, אין וועלכן עס מוזן מיטאַרבעטן אַלע קלאַסן. דאָס פאַרשטיין, אַז די אַרבעט פאַר ענדערן די לאַגע פון די יידן מוז געטאָן ווערן אין איין איינהייטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ניט פאַר־לאָזנדיק זיך אויף דער אַנטוויקלונג, איז פאַרבונדן מיטן פאַרשטיין, אַז ציוניזם הייסט — אַריבערגיין פון עמיגראַציע צו קאָלאָניזאַציע. דעם קלאַסן־קאַמף מוז מען אויסנוצן ביים אַקטיוון און אָרגאַניזירטן אַריינמישן זיך אין די פּראָצעסן פון קאָלאָניזאַציע. מען טאָר ניט וואַרטן אויפן סטיכישן פּראָצעס, ווייל דער סטיכישער פּראָצעס קען ברענגען די צעשטערונג פון קאַפּיטאַליזם, אָבער ניט דעם אויפבוי פון סאָציאַליזם. מען קען ניט אַריבערגיין פון קאַפּי־טאַליזם צום סאָציאַליזם בלויז מיטן סטיכישן פּראָצעס. נאָר מיט דער הילף

פון אַן אָרגאַניזירטער קערפּערשאַפט קען מען אַראָפּוואַרפן דאָס שלעכטס אין דער עקזיסטירנדער געזעלשאַפט. די סטיכישע עמיגראַציע קיין ארץ ישראל איז אַן אויסדרוק פון אומנאָרמאַליטעט, אָבער זי ברענגט בלויז צו טעריטאָריאַלער־קאָנצענטראַציע, ווען ס'איז ניטאָ דאָ קיין כוח, וואָס רעגולירט זי.

דאָס יידישע לעבן פאָדערט קאָלאָניזאַציע, באַזעצן זיך אויף אַ טעריטאָריע, שאַפן אַ היים פאַר יידן. מער טאָר מען ניט וואַרטן אויפן סטיכישן פּראָצעס. אַן אַ באַוווסטזיניקן ציל, אָן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָן אַ לאַנד און אָן ד אָ ס לאַנד, וואָס מען וויל לויטן וועזן פון דער באַוועגונג — קען מען ניט פאַרווירקלעכן אונדזער ציל. דער לייכטסטער איבערגאַנג פון יידן איז ניט צו א"י, נאָר צו אַן אַנדער גלות־לאַנד. סטיכיש — וועלן די יידן אַריבערגיין צו נאָך אַ גלות, ווי ס'איז פאַרן פאַריקן קריג געווען אַמעריקע. דעם פּראָצעס קען מען נישט איבערווינדן אָן אַן אָרגאַניזירטער רעוואָלוציע אין יידישן לעבן. צו אַ נייער געזעלשאַפט קען מען ברענגען נאָר דורך אַ קלאָרן ציל און אַן אָרגאַניזאַציע צו פאַרווירקלעכן דעם ציל. סטיכיש קען קומען בלויז דער אונטערגאַנג פון גלות, אָבער אין בויען אַ לאַנד מוז מען זיך אַריינמישן מיט אַן אָרגאַניזאַציע און מיט אַ דייטלעכן ציל.

די יידישע גאַס האָט איבערגעלעבט אַ קריזיס. די בונדיסטן, די טעריטאָריאַליסטן, די סיימיסטן — אַלע זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן ציוניזם. באַראַכאָוו מיט די רוסישע „פּועלי־ציון" טרעטן אַרויס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיטאַרבעטן מיט אַנדערע קלאַסן אין ציוניזם איז געוואָרן ניט פּאָפּולער. די גרופּן פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס באַגנוגענען זיך ניט מיט דעם סטיכישן פּראָצעס. זיי ווייזן אָן אויף דער נויטווענדיקייט פון עליה, אַריבערגיין צו אַרבעט און קאָלאָניזירן זיך אין לאַנד. אין „פּועלי־ציון" איז שטענדיק געווען דער ווידערשפּרוך פון חלוצישן ציוניזם, פון טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן כלל ישראל און ריינעם פּראַגמאַטישן וועג. דער ריין־פּראַגמאַטישער וועג איז אַ פּאַסיווע און פּאַטאַליסטישע אויסטייטשונג פון פּראַגמאַטיזם און מאַכט דעם מענטשן פּאַסיוו צו זיינע צילן. אַלע אונטערשיידן אין „פּועלי־ציון" זיינען געווען אויף דעם באָדן פון דער פראַגע: פּראַגמאַטישע באַציונג אָדער אַקטיווע באַציונג?

די אַקטיוויסטן זען, אַז אין דער קאָלאָניזאַציע מוז מען זיך אַריינמישן: מ'דאַרף שאַפן סאָציאַליסטישע און קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפטן אַלס פאָרמען פון קאָלאָניזאַציע; שאַפן און אונטערשטיצן דעם נאַציאָנאַל־פאָנד; אָנטייל־

נעמען אין ציוניסטישן קאָנגרעס, שאַפן דעם „החלוץ". מיר האָבן געבויט די כלל־ישראל אָרגאַניזאַציעס, ניט מיט דער אידעאָלאָגיע אַז ס'זיינען ניטאָ קיין קלאַסן. מיר האָבן איין פאָלק און איין גורל און מוזן זיך אַקטיוו באַטייליקן אין ענדערן דעם גורל. באָראָכאָוו האָט געזאָגט, אַז קאָלאָניזירן דאָס לאַנד איז אַ פונקציע פון קאַפּיטאַליזם, פון דער בורזשואַזיע. מיר, דאַקעגן, דאַרפן בלויז פאַרנעמען זיך מיט צוגרייטן די מאַסן צום סטיכישן פּראָצעס. ביי אַ טייל פּועלי־ציוניסטן זיינען געבליבן בלויז ציוניסטישע לאָזונגען פאַר דער צוקונפט. דערווייל האָבן זיי ניט געפירט קיין ממשותדיקע ציוניסטישע אַרבעט. זיי זיינען געווען פאַר יידיש, ניט אָרגאַניזירט דאָס פאָרן קיין א״י, ניט אָנטייל־גענומען אין ציוניסטישן קאָנגרעס און נאַציאָנאַל־פאָנד, און ניט געהאַלטן פון דער נויטווענדיקייט פון אַן אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע. בעת דער קאָנפערענץ אין קראָקע, ווהין ס'זיינען געקומען דעלעגאַטן פון רוסלאַנד, אומלעגאַל פאַר דער רוסישער מאַכט, האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסער וויכוח. די רוסישע „פּועלי־ציון" איז אַרויס פון ציוניסטישן קאָנגרעס. קעגן דעם איז געווען אַ גרופּע חברים פון פּוילן. מיר, די דאָזיקע גרופּע, זיינען פון קאָנגרעס ניט אַרויס. אין קאָנגרעס זיינען אויך געבליבן די עסטרייכישע „פּועלי־ציון" בראש מיט קאַפּלאַנסקין, די אַמעריקאַנער „פּועלי־ציון" און די וועלט־באַוועגונג אַלס גאַנצע. פון דאַן נעמען שוין אַן אָנטייל אין לעבן פון דער וועלט־באַוועגונג די א״י־דיקע „פּועלי־ציון", וועלכע גייען יאָ צום ציוניסטישן קאָנגרעס און האָבן אַ דעצידירנדיקע מיינונג, אַ דעצידירנדיקע שטעלונג און העגעמאָניע אין וועלט־פאַרבאַנד. אונטערן נאָמען פון די א״י־דיקע „פּועלי־ציון" האָט דער וועלט־פאַרבאַנד אָנטייל־גענומען אין אינטערנאַציאָנאַל. די „פּועלי־ציון" האָט געשאַפן אַן אַלוועלטלעכן פאָנד פאַר די א״י־דיקע אַרבעטער — קפּא״י (קופּת פּועלי א״י).

ביז דער מלחמה זיינען שוין קיין סך צוזאַמענפאָרן פון „פּועלי־ציון" ניט פאָרגעקומען. אין 1920 אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציע קומט פאָר די שפּאַלטונג פון דער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי. די רוסישע „פּועלי־ציון" און אַ גרויסער טייל פון די פּוילישע שאַפן די לינקע „פּועלי־ציון". אַ טייל חברים דערווייטערן זיך און שפּילן אַ ליקווידאַטאָרישע ראָל. זיי גייען אַריין אין דער יידישער סעקציע ביי דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פירן אַ קאַמף קעגן ציוניזם. זיי האָבן געוואָלט ליקווידירן די ציוניסטישע שטרעבונגען פון יידישן פאָלק און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ ליקווידאַטאָריש־אַסימילאַטאָרישע באַוועגונג.

די איבערגעבליבענע לינקע „פועלי־ציון" באַוועגונג האָט אָפּגעשפּילט אַ גרויסע ראָל אַלס טרעגער פון ציוניסטישער אידעאָלאָגיע אין קאָמוניסטישן לאַגער. דער צווייטער טייל פון די „פּועלי־ציון" האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום פאַראייניקט מיט דער סאָציאַליסטישער אָפּשפּאַלטונג פון די צעירי־ציון — צ. ס. און געשאַפן די וועלט־באַוועגונג פון „פּועלי־ציון (צ. ס.)" מיט אַן אויסגעשפּראָכן ציוניסטישן פּראָגראַם. אָט די באַוועגונג האָט קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן אין גאַנצן בוי און אַנטוויקלונג פון ארץ ישראל.

## אחד העם און זיין לערע

אחד־העם האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. פאַרזעצונגען פון זיין געדאַנק האָבן נאָך היינט אַן אָרט אין ציוניזם און אפילו אונטער אַ סאָציאַליסטישן מאַנטל — ענלעך צו דעם ווי דער „בונד" האָט פּראָלעטאַריזירט דעם דובנאָוויזם. דער אחד־העמיזם האָט נאָך היינט וואָרצלען, כאָטש שוואַכע, אין יידישן לעבן. אַזוי לאַנג ווי יידן האָבן ניט באַזיגט דעם גלות, ניט איבערגעפירט געוואָרן קיין א"י — עקזיסטירט נאָך זיין אויפפאַסונג. יעדע שוועריקייט ברענגט שטענדיק אַרויס רעאַקציאָנערע אידייען. אַזוי לאַנג ווי דער סאָציאַליזם ווערט ניט פאַרווירקלעכט ברענגט מען דער געזעלשאַפט נייע וועגן צו לייזן די לעבנס־פּראָגן ניט אויף אַ סאָציאַליסטישן אופן. בעתן וואַקסן פון סאָציאַליזם אַלס אַ גרויסע באַוועגונג, אין דער צייט, ווען ס'זיינען דאָ סאָציאַליסטישע פּרוווּן, און ווייטער, ווען ס'עקזיסטירן שוין סאָציאַליסטישע מדינות — וואַקסט אויף אַ שטאַרקע רעאַקציע. די רעאַקציאָנערע אידייען שלעפּן היינט אויף צוריק. די ליבעראַלע בורזשואַזיע איז אין איר צייט געווען פּראָגרעסיוו. היינט זיינען אירע אידייען פאַרקריפּלט. אויך רעאַקציאָנערן האָבן אַמאָל געהאַט זייער קינדהייט.

אין ציוניזם וואַקסן שוועריקייטן, אָבער דאָס זיינען ניט קיין סימנים פון שוואַכקייט. דאָס זיינען די געפאַרן, וועלכע זיינען סימנים, אַז די אידייע האַלט ביים פאַרווירקלעכט ווערן. פאַר די רעגירונגען, וואָס האָבן אינטערעסן אין א"י, איז דער ציוניזם געפערלעכער ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק. די טערקישע רעגירונג האָט ניט געקעמפט קעגן אונדז אַזוי ווי ענגלאַנד. אַראַביע האָט אין די לעצטע יאָרן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אַנטי־ציוניסטישן כוח.

אחד־העמס אמתער נאמען איז אשר גינזבורג. ער איז געווען א רוסישער ייד מיט א גרויסער בילדונג — סיי א תלמודישער (ער האט געהאט סמיכות אויף רבנות), סיי א וועלטלעכער. מיט זיין ערשטן ארויסטריט פילט מען אין אים א מענטשן פון א גרויסער באדייטונג. אין די אכציקער יארן פון פאריקן יארהונדערט הויבט ער אן צו שרייבן און מיטארבעטן אין „חובבי־ציון". ער געהערט צו דער עליטע, צו מענטשן מיט א גרויסן פארשטאנד. אחד העם איז געווען א רעפארמאטאר פון דער העברעישער ליטעראטור. די העברעישע ליטעראַרישע שפראך פון יענער צייט האט געהאט א סך מליצות. ס'איז געווען א שפראך, וואס מען האט ווייניק גענוצט, אבער א בילדערישע שפראך. די שרייבער פון יענער צייט האבן פיל באנוצט די תנ"ך־שפראך, אבער זייער ארט שרייבן איז געווען פראזיאלאגיש. ביים אויסדריקן א געדאנק פלעגט מען נוצן פיל פסוקים אנשטאט איין ווארט. אחד העם האט אפגעווארפן די מליצישקייט, אריינגעבראכט גענויקייט איז דער העברעאישער שפראך, ער האט געקארגט ווערטער, געשריבן זייער קורץ.

נאך די פאגראמען פון די 80־קער יארן איז אנטשטאנען די באוועגונג „עם עולם", וואס האט געפריידיקט, אז יידן זאלן פארן קיין אמעריקע. דאס איז געווען א קליינע באוועגונג, וואס האט זיך געטראגן מיטן געדאנק — פארן קיין אמעריקע און שאפן דארטן קאמונעס. יידן זאלן אין נייעם לאנד זיך באשעפטיקן מיט לאנדווירטשאפט און האנטווערק. די עמיגראציע איז אבער געגאנגען אן א צוזאמענהאנג מיט דער באוועגונג. יידן זיינען געפארן קיין אמעריקע ניט ווי באוווסטזיניקע טעריטאריאליסטן, נאר ווי עמיגראנטן. קורץ נאכדעם איז אויפגעשטאנען אחד העם. זיין ערשטער ארטיקל איז געווען „לא זה הדרך!". ער האט געפירט א וויכוח מיט די „חובבי ציון", בעיקר מיט ליליענבלומען. אחד העם קריטיקירט די ארבעט פון די „חובבי ציון". ער האט געהאלטן, אז זיי דארפן שיקן ניט סתם עמיגראנטן און אויפגעוויזן אויף דער באדייטונג פון געקליבענע, גייסטיק צוגעגרייטע מענטשן; ווייל א"י, האט ער געהאלטן, איז וויכטיק נאר אלס גייסטיקער צענטער. ארץ ישראל דארף גייסטיק אויפגעלעבט ווערן פאר יידן. מיר דארפן טאן קליינע טאטן, וועלכע זאלן אבער באווירקן יידן אין גלות. וועלן מיר אויפלעבן דעם גייסט, וועלן יידן זען אין א"י א גייסטיקן צענטער — וועלן זיי האבן אן אידעאליסטישע באציונג צום לאנד.

אחד העם פארט אליין קיין ארץ ישראל. קומענדיק צוריק שרייבט ער אז

אַרטיקל „אמת מארץ ישראל”. דער אַרטיקל איז געווען אַ גרויסע געשעעניש. ער האָט אַנטהאַלטן אַ גרינטלעכע קריטיק פון דער אַרבעט פון די „חובבי ציון” אין לאַנד. ער האָט געבראַכט דעם אמת, ניט באַפּאַרבנדיק די ווירקלעכ־קייט. ער האָט קריטיקירט ניט פון סאָציאַלן שטאַנדפּונקט, נאָר פון בעל־הביתישן. אחד העם האָט דער ערשטער קריטיקירט די אַפּוטרופּסות, זאָגנדיק אַז צוליב איר קענען די קאָלאָניעס ניט עקזיסטירן און נאָרמאַל זיך אַנטוויק־לען. ער האָט קריטיקירט די אינסטיטוציעס און שטאַרק באַשולדיקט די באַ־אַמטע, די „חובבי ציון” און אויך די קאָלאָניסטן. צום סוף באַשרייבט ער זיי־נע איינדרוקן זעענדיק וויינענדיקע יידן ביים כותל מערבי. ער פרעגט זיך: וועלכער חורבן איז גרעסער — פון דער וואַנט צי פון די יידן? ער שרייבט: אַז אַ וואַנט ווערט חרוב — קען דאָס פאָלק עס אויפבויען, אָבער אַז אַ פאָלק ווערט צעשטערט — ווער וועט עס אויפבויען?” ער זעט דעם זין פון בויען דאָס לאַנד אין אויפבויען דאָס פאָלק, אין אויפלעבן דעם גייסט פון פאָלק. אחד העם שטעלט אויף אַ קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „בני משה”. ער נעמט דאָרט צענויף געקליבענע מענטשן, וועלכע דאַרפן זיין אַ מוס־טער אין אַלע געביטן פון יידישן לעבן. „בני משה” איז געווען אַ מין מאַסאָ־נען־לאָזשע.

אין זיין אַרטיקל „עבדות בתוך חרות” (קנעכטשאַפט אינערהאַלב דער פרייהייט) שרייבט אחד העם, אַז די עמאַנסיפּאַציע איז פאַקטיש גייסטיקע שקלאַפעריי אין דער פרייהייט פון רעכט. אחד העם איז געווען אַ נאָענטער מענטש פון דובנאָוון, נאָר ער האָט געהאַט אַן אידיי פון גייסטיקן ציוניזם און ניט — ווי דובנאָוו — פון גייסטיקן נאַציאָנאַליזם. ער האָט פאַרבונדן דעם יידישן גייסט מיט דער טעריטאָריאַלער עקזיסטענץ אין דער פאַרגאַנגענהייט. יידן האָבן זייער נאַציאָנאַלע קולטור און שפּראַך געשאַפן אין א”י. במשך פון יאָרן איז די קולטור און שפּראַך פאַרקריפּלט געוואָרן, ווי אחד העם שרייבט — פאַרשטיינערט געוואָרן. דאָס יידישע פאָלק דאַרף באַנייען זיין לעבן דורך לעבע־דיק מאַכן די קולטור און דאָס קען זיין בלויז אין די ראַמען פון היסטאָרישן לעבן. די צוקונפט מוז געבויט ווערן אויפן יסוד פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער נאָר אין גייסטיקן זין. צוריק צו א”י, צוריק צו דער שפּראַך, צוריק צו דעם גייסט — דורך באַנייען דאָס גייסטיקע לעבן. אָבער ניט אַלע יידן וועלן קומען קיין א”י; אַפשאַפן דעם גלות האָט אחד העם געהאַלטן פאַר אַן אוטאָפּיע. דאָס יידן־פּראָבלעם וועט ניט געלייזט ווערן דורכן ציוניזם. עס וועט געלייזט

ווערן מיטן אויפשוווּנג פון ליבעראַליזם, וועלכער וועט לייזן אַלע פראַגן און ממילא אויך די יידישע. זיין פּראָגראַם איז אויפלעבונג פון גייסט, פון דער קולטור — „תחית הלבבות". אחד העם איז ניט געווען קעגן אַ יידישער מדינה, ער איז אָבער ניט געווען קיין טעריטאָריאַליסט, ווייל ער האָט פאַרבונדן די יידן ניט מיט דער טעריטאָריע פון א"י, נאָר בלויז מיט איר גייסט. ער האָט געוואָלט דערהויבן דעם מענטש גייסטיק, אָבער ער איז געווען פאַר דער אייביקייט פון גלות. ער האָט, אמת, ניט געזאָגט ווי דובנאָוו אָדער ווי דער „בונד" אַז דער גלות איז גוט, אָבער ער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ פאַקט, פון וועלכן עס איז זיך שווער צו באַפרייען. מען דאַרף ליב קריגן דאָס אייגן לאַנד, דאָס פאָלק, דערציען יידן צו דער ליבע פון אייגענער קולטור און שפּראַך — פילן אין דער קולטור אַ לעבעדיקע אידיי. דער ציוניזם איז אַ פראַגע פון יידישקייט, ניט פון יידן, דער ציוניזם וועט לייזן די פראַגע ניט פון יידישן פאָלק נאָר פון יהדות.

די ערשטע צייטונג פון אחד העמען איז „השלוח" — אַ מאָנאַט צייטשריפט אויפן נאָמען פון אַ קליין שטיל טייכל נעבן ירושלים. דער נאָמען איז כאַראַקטעריסטיש: אחד העם האָט ניט געגלויבט אַז עברית וועט ווערן אַ שפּראַך אויף וועלכער מ'רעדט. ער האָט געזאָגט, אַז די באַדערפעענישן באַשטימען ניט דאָס מענגלעכע און מען דאַרף טאָן נאָר דאָס וואָס מען קען, סאָליד, מעסיק, שטיל, ווי דאָס טייכל שילוח. מען דאַרף זיך ניט פאַרנעמען מיט אַוואַנטוריזם, נאָר צוגיין צו אַלעמען רואיק און פון שטאַנדפּונקט אַז א"י דאַרף ווערן נאָר אַ גייסטיקער צענטער, ניט קיין מקלט פאַר אַלע יידן.

ביאַליק האָט זיך שטאַרק פאַרבונדן מיט אחד העמען און געדרוקט זיך פיל אין זיין צייטונג. אחד העם האָט געפירט אַ קאַמף מיט מ. י. בערדיטשעווסקין, וועלכער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אומווערטן אַלע ווערטן: ניט דער בוך — נאָר די נאַטור, ניט דער גייסט — נאָר דער באָדן, די אַרבעט. מ. י. בערדיטשעווסקי איז געווען דער גרעסטער קעגנער פון אחד העמען, און ער ווידער האָט ניט געוואָלט דרוקן דעם יונגן שרייבער אין זיין צייטונג. דאַן אָרגאַניזירט בערדיטשעווסקי אַ גרופּע „יונגע", וועלכע פירט אַ פאַרלעגערישע טעטיקייט. אויך ער וויל אויפלעבן דאָס פאָלק גייסטיק, אָבער ער דרוקט ליבע־לידער, נאַטור־לידער א. ד. גל. אחד העם האָט געהאַלטן, אַז דאָס יידישע פאָלק געפינט זיך אויף אַ גאָלדענעם וועג, ניט אויף זייטיקע וועגן. דער וועג פון ייִדישן פאָלק איז אין זיין גייסטיקייט. אָבער דער וועג פון גייסטיקייט איז — לויט אחד העמ'ס נוסח — אַ וועג פון סעקטאַנטיזם.

זיין גרויסן קאַמף האָט אחד העם אָנגעהויבן ערשט ווען ס'איז געקומען הערצל. ער האַלט, אַז לייזן דאָס יידן־פּראָבלעם דורך אַ מדינה איז אַן אוטאָ־פּיע. אָבער אין אַ געוויסער מאָס איז ער אַ פאַרזאָגער פון הערצלען. ער האַלט אַז מען טאָר ניט אַרבעטן אין ארץ אָן אַ לעגאַליזאַציע. מען דאַרף לעגאַליזירן די יידישע קאָלאָניעס, אַראָפּוואַרפן די אַפּוטרופּסות, דערהויבן גייסטיק די מענטשן — אָבער אַלץ מעסיק, לעגאַל. זיין אויפפאַסונג איז געווען: פּריוואַטע איניציאַטיוו, צוגרייטן די מענטשן אין גלות, דערציילנדיק זיי וועגן דער ווירק־לעכקייט אין לאַנד אַזוי ווי זי איז, און שיקן אין לאַנד נאָר מוסטערהאַפטע מענטשן. ער זאָגט: קודם כל גייסט און דאָס מאַטעריעלע נאָר אין גאָר אַ קליינער מאָס, אויף אַזויפיל, אויף וויפיל עס איז נויטיק אַלס אונטערשטיצונג פאַרן גייסט. אָבער אַלץ דאַרף מען טאָן נאָר מעסיק. ניט בויען ארץ ישראל דורך מענטשן, וואָס ווילן זיך ראַטעווען דאָרט נאָר פיזיש. ארץ ישראל דאַרף זיין פאַר מענטשן נאָר אַ רעטונגס־אָרט אין גייסטיקן זין. דעם גלות קען מען פאַרבעסערן דורך דערציונג, דורך הויבן די יהדות, דורך געבן די גלות־יידן אַ נייע יידישע קולטור, וואָס וועט קומען פון א"י. אין א"י דאַרף אויך געשאַפן ווערן עפּעס מאַטעריעלס — אָבער די באַדייטונג פון לאַנד דאַרף זיין אויס־שליסלעך אַ גייסטיקע. א"י דאַרף זיין אַ צענטער פאַר אַלע גלותן.

דאַן קומט הערצל און זאָגט: מדינה עברית. עס אַנטוויקלט זיך אַ קאַמף צווישן הערצלען און אחד העמען. אחד העם איז געפאָרן אויפן ערשטן ציוניס־טישן קאָנגרעס און אויך אויפן אוגאַנדאַ קאָנגרעס. ער טרעט ארויס פאַר עקאָנאָמישער אַרבעט, אָבער נאָר אַלס דינסט־מיטל פאַר דאָס מאָראַליש־גייסטיקע. פּאָליטישע באַדינגונגען האָט ער אויך געוואָלט צוליב דעם צוועק. ער האָט באַשולדיקט הערצלען אין טעריטאָריאַליזם און געזען אין דעם אַ געפאַר. נאָכן אוגאַנדאַ־קאָנגרעס האָט אחד העם אָנגעשריבן אַן אַרטיקל „על הבוכים". ער זעט דעם דורכפאַל פון ציוניזם צוליבן פאַרוואַנדלען אים אין דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען. ער זאָגט, אַז פּאָליטיש קען מען א"י ניט בויען, מען דאַרף אויפלעבן גייסטיק דאָס פאָלק. ער קריטיקירט די ציוניסטן פאַר זייער אויסשליסלעך פּאָליטישער אַרבעט, פאַר דעם, וואָס במשך פון צען יאָר טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט זי אין א"י גאָרניט אויפ־געטאָן. און ער האָט געזאָגט, אַז פון דעם קריזיס אין ציוניזם ליידט סיי א"י, סיי דער גלות.

קיין קאָנסעקווענטע תלמידים האָט אחד העם ניט געהאַט. מען קען זיך באַגרענעצן מיט לייענען אחד העמען און זיין זיינער אַן אָנהענגער נאָר ווען

מען האָט אויף אַ גאַנץ יאָר פּרנסה. אָבער אין צייטן פון רעוואָלוציעס און פּאָגראָמען איז אָן אילוזיע אַנטקעגנצושטעלן דאָס גייסטיקע קעגן די ממשות־דיקע נויטן פון פאָלק. אחד העם האָט באַפּרידיקט די גייסטיקע פאָדערונגען פון בעל־הביתישן ציוניזם. אַזוי ווי דער ליבעראַליזם איז געווען נויטיק אַזוי איז אחד העם געווען נויטיק מען זאָל אַדורכגיין זיין שול און ניט בלייבן אין איר. פּונקט ווי טעריטאָריאַליזם קען ניט זיין אָן ציון, קען ציון ניט זיין אָן טערי־טאָריאַליזם.

אין 1902 יאָר שרייבט הערצל זייער אַ קינסטלערישן ראָמאַן „אַלט־ניילאַנד", מיט אַ רייכער אידיי; אָבער דאָס איז אמת, ניט זייער קיין יידישער בוך. לויט דעם בוך קענען זיך אין נייעם א"י באַזעצן אַפילו ניט־יידן. אָבער דאָס איז דערפאַר ווייל הערצל האָט געשטאַמט ניט פון אַ טיף יידישער סביבה. אחד העם איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפן אַרטיקל קעגן דעם ראָמאַן. ער פרעגט: „איר זעט וווהין מען פירט אונדז?"

פון אחד העמען זיינען באַווירקט געוואָרן טיילן פון ציוניזם. די דעמאָ־קראַטישע פראַקציע בראש מיט חיים ווייצמאַנען האָט געקעמפט ניט נאָר פאַר פּאָליטישער אַרבעט, ניט נאָר פאַר אַגיטאַציע, נאָר פאַר קולטורעלער אַרבעט, פאַר אויפלעבן דעם גייסט. צו דער גרופּע האָט אויך געהערט גרינבוים. די גרופּע איז געווען נאָענט צום אַרבעטער־ציוניזם, אָבער זי איז געווען בירגער־לעך־דעמאָקראַטיש, ניט סאָציאַליסטיש. בעת עס נעמט אַרבעטן דער נאַציאָ־נאַל־פאָנד, דאָס לאַנד הויבט זיך אָן קאָלאָניזירן, עס שאַפט זיך די ערשטע קבוצה, דער אַרבעטער דאָרף — אַנטדעקט שוין אחד העם, אין זיינע רייזע־באַריכטן פון א"י, די אַרבעטער-באַוועגונג. זעענדיק די פּאַנאַטישע באַציונג צו אַרבעט, זאָגט ער אַרויס אַ ספק, צי וועלן יידישע אַרבעטער קענען דעראָבערן און באַהערשן די אַרבעט. ער ווייזט אַרויס אַ פרעמדקייט סיי צו די אַרבעטער סיי צום כיבוש עבודה.

אחד העם איז געווען אַ טעאָרעטיקער, אַ דענקער, אַ גרויסער און אָריגי־נעלער מענטש. פערזענלעך בלייבט ער איינער פון די וויכטיקסטע שרייבער. זיינע ווערק האָבן אַ גרויסע באַדייטונג. מאָראַליש איז ער אַ ריינער און שיינער מענטש. אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען פיזיש שוואַך, כמעט גאָרניט געשאַפן, ער איז אומצופרידן מיט דעם וועג, אויף וועלכן עס גייען אַוועק די יידישע אַרבעטער. ער אַזוי פול מיט אומצוטרוי צום כיבוש־עבודה, צו הגנה. ער שאַצט אָפּ זייער קריטיש דעם רעוויזיאָניזם און טראַכט אַפילו צי האָט אַ זין אונדזער ציוניסטישע באַוועגונג, ווייל דער גייסטיקער צענטער ווערט באַפלעקט דורך

דער רעוויזיאָניסטישער באַציונג צו די אַראַבער. ער האָט געטראַכט די ווידער־שפּרוכן מיט די אַראַבער אויסצומיידן, ווייל ער האָט ניט געהאַלטן, אַז אין לאַנד וועלן דאַרפן קומען אַזויפיל טויזנטער מענטשן.

ער האָט אַ קוק אויף די לאַגע ווי אַלע אַלטע ליבעראַלן. ס'קומען פּאַר רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד, אין דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער און ער האַלט, אַז די וועלט איז אַוועק אויף זייער ניט קיין גוטע וועגן. ער, וועלכער איז אַ שילער פון ספּענסערן, ווייל די וועלט זאָל גיין אויף אַ וועג פון עוואָלוציע, זיך אַנטוויקלען רואיק, שטיל. ער זעט אַלס עיקר דעם פרייעם איינצלנעם מענטש; (אַזוי רופט ער אָן דעם מאַטעריעל־זעלבסטשטענדיקן מענטש, וועלכער האָט אַן אייגענע ווירטשאַפט). זיין באַציונג צו דער מדינה, צום שותפות איז אַ ליבעראַלע. די קאַטאַסטראָפע, וואָס רוקט זיך אָן אויף יידן, זעט ער ניט.

די לעצטע יאָרן ווערט אחד העם שטאַרק פּעסימיסטיש בנוגע דעם טע־ריטאָריאַליזירן דאָס יידישע פאָלק אין א"י.

ער איז געווען אַ מענטש אַן אמת'דיקער, אַ ליבעראַלער. אין זיין צייט האָט ער וואָך געמאַכט די באַוועגונג צו א"י. אַ פירנדיקע פיגור אין דער באַ־וועגונג און איר בייגעטראָגן אַ גרויסן צושטייער.

די אידיי פון אַ קולטורעל־גייסטיקן צענטער אין א"י אַנשטאָט אַן עקאָ־נאָמישן לעבט נאָך היינט אין א"י. דער אחד־העמיזם איז דער פאָרבילד פון ציוניזם אָן טעריטאָריאַליזם. ער האַלט, אַז מען דאַרף טאָן נאָר וויפיל עס לאָזט זיך. אין דעם איז דאָ אַ צוזאַמענהאַנג צווישן אחד העמען און ווייצמאַנען. נאָך שטאַרקער איז זיין ווירקונג אויפן „ברית שלום“, וועלכער האַלט אויך פון באַגרענעצן זיך מיטן מינימאַלן, ניט פאָדערן דאָס מאַקסימאַלע, און לייגט דעם טראָפ אויף פריינטשאַפט מיט די אַראַבער.

אחד העם האָט געאַרבעט אין דער באַוועגונג העכער 50 יאָר. צי האָבן אָבער די יידישע מאַסן אין גלות אויפגעלעבט דורך אַ קולטורעלן צענטער? צי איז דען דאָס יידישע פאָלק געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ גייסטיקן ציוניזם? צי האָט דען אַ סעלעקטירטע גרופּע געשאַפן א"י? קען דען דאָס יידישע פאָלק לעבן בלויז מיט אַ גייסטיקן אינהאַלט, אָן אַ טעריטאָריע, אָן אַן אַרבעטער־קלאַס? קען דען דער ציוניזם פאַרווירקלעכט ווערן אָן טעריטאָריאַליזם און אָן אַקטיווע מיטלען? אונדזער באַוועגונג האָט פיל דערגרייכט, ווייל זי איז דורכגעגאַנגען דעם אחד העמיזם און איז געגאַנגען פיל ווייטער. אחד העם איז געשטאָרבן, אָבער זיין אידיי לעבט שטענדיק ביי די יידן, וואָס קענען זיך אויסלעבן אָן א"י און ווילן זען אין א"י בלויז אַ גייסטיקן צענטער.

# דער פּאָליטישער ציוניזם

דער ציוניזם איז אַ פּאָליטישע באַוועגונג. ווען ער איז געשטאַנען פאַר דער פאַרווירקלעכונג האָבן זיך פאַר אים אויפגעוועקט פּאָליטישע פראַגן. הערצל האָט פאַרבונדן דעם געדאַנק פון קאָנצענטרירן דאָס יידישע פאָלק אין א״י מיט פּאָליטישע רעכט אויפן לאַנד: דער אינהאַלט פון ציוניזם איז אַן עקאָנאָמישער, געזעלשאַפטלעכער, גייסטיקער, אָבער פּאָליטישע רעכט מוז ער האָבן. מיר מוזן האָבן שטאַטס־רעכט, ווייל עס זיינען היינט פאַראַן אַזעלכע רעכט און זיי זיינען אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון היינטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער ציוניזם האָט אָנגעהויבן ניט ווי אַ פּאָליטישע באַוועגונג. ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן אָן פּאָליטיק.

ענלעך איז געווען מיטן סאָציאַליזם. אין זיין אינהאַלט איז ער ניט קיין פּאָליטישע באַוועגונג. אָבער ווייל עס עקזיסטירן מדינות האָט ער געמוזט ווערן אַ פּאָליטישע באַוועגונג אין דער צייט ווען ער איז צוגעטראָטן צו רעאַליזאַציע. און צוליב וויכוחים אין פּאָליטישע פראַגן שפּאַלט ער זיך. די ערשטע שפּאַלטונג איז געווען צווישן סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. ווען דער סאָציאַליזם ווערט אַ וויסנשאַפט — שאַפט ער אַ טעאָריע וועגן דער מדינה און פאָרמולירט זיין שטעלונג צו איר. דער סאָציאַליזם שטרעבט אייגנטלעך ניט צו אַ מדינה, נאָר צו אָפּשאַפן די מדינה. די גרעסטע חלוקי־דעות און שפּאַלטונגען אין סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָט אַרויסגערופן די פראַגע וועגן פּאָליטישן וועג פון סאָציאַליזם, פון זיין באַציונג און קאַמף מיטן שטאַט. לויט דער מאַרקסיסטישער שטאַטס־טעאָריע איז די מדינה אַ היסטאָריש פאָרבייגייענדע עקזיסטענץ־פאָרם פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. דער באַגריף פון מדינה איז פאַרבונדן מיט הערשאַפט, מיט געוואַלט, מיט אָנוואַרפן אויף עמיצן דעם ווילן פון דרויסן. די געזעלשאַפט, וועלכע מען הויבט אָן רופן „שטאַט“, איז אַ הערשאַפט־פאָרם פון דער געזעלשאַפט, אָבער זי איז ניט געגעבן פון דער נאַטור; זי איז אַן אָנגעוואַרפענער ווילן צוליב עקאָנאָמישע באַדערפענישן. פון דער נאַטור וואָלט דער מענטש געוואָלט לעבן פריי. אָבער די מענטשלעכע געזעלשאַפט דערגייט צו אַן אַנטוויקלונגס־פאָרם וואָס ברענגט צו אַ מדינה און עס שאַפט זיך אַ הערשאַפט פון איין טייל איבער דעם צווייטן. די מדינה איז די פאָרם פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ס'איז דאָ דער געזעץ, וואָס ווערט באַשטימט דורך דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און וועלכער ווערט געהיטן דורך פּאָליציי, מיליטער — מיט איין וואָרט דורך געוואַלט. און יעדע מדינה איז אַ סיסטעם

פון גוואַלט, כאָטש ער ווייזט זיך ניט אַרויס טאָג־טעגלעך. אָבער די מדינה און די געזעלשאַפט זיינען ניט איינס און דאָס זעלבע. נאָר אין אַ קלאַסן־געזעלשאַפט, אין וועלכער די פאָרם פון לעבן איז ניט פאַר אַלעמען קיין גלייכע — מוז עקזיסטירן דער געזעץ און מיט אים די מדינה.

די זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט פון יידישן פאָלק, ווי פון יעדן פאָלק, איז ניט מעגלעך ווען אַן אַנדערער הערשט איבערן לאַנד סיי עקאָנאָמיש, סיי פּאָליטיש. דערפאַר מוז דאָס יידישע פאָלק קאָלאָניזירן דאָס אייגענע לאַנד. אָבער דער ציוניזם האָט פון אָנהויב ניט פאָרמולירט זיין פּאָליטישן ענד־ציל אין א"י. דער אינהאַלט פון אונדזער באַוועגונג איז ניט געווען קיין מדינה. ער איז געווען טעריטאָריאַליסטיש, געשטרעבט צו מאַכן דאָס יידישע פאָלק זעלבסט־שטענדיק. מיר האָבן געוואָלט האָבן אַ יידיש לאַנד, אַ יידישע ווירטשאַפט, אַ יידישן געזונטן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, אַ זעלבסטשטענדיקן עקאָנאָמישן גוף. געוויס האָבן די יידישע חלומות געקלערט וועגן אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק און דאָס האָט אפשר באַדייט אַ מדינה. אָבער מיר האָבן ניט אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר אַ מדינה, כאָטש מיר האָבן געלעבט אין דער מדינה — אין טערקיי. אחד העם האָט געזאָגט אַז מען דאַרף קריגן פּאָליטישע רעכט, די חובבי־ציון האָבן געזוכט פּאָליטישע רעכט, אָבער מיר האָבן אויף די פּאָליטישע רעכט ניט געוואַרט און זיך באַזעצט אין לאַנד, געוואָרן פּויערים און אָנגעהויבן לעבן יידיש. ניט ווייל מיר האָבן דאָס דווקא געזען אַלס וועג צו אַ מדינה, נאָר ווייל מיר האָבן געוואָלט אַרויסגיין פון גלות.

הערצל האָט געהאַלטן, אַז יידן דאַרפן האָבן פּאָליטישע רעכט. זיין פּאָליטישער באַוווסטזיין איז געקומען פריער פאַר זיין טעריטאָריאַליסטישן באַוווסטזיין, און דער טעריטאָריאַליסטישער באַוווכטזיין — פריער פון זיין ציוניזם. אַ פאַרקערטע דערשיינונג איז געווען ביי די יידישע מאַסן: די פאַר־בונדנקייט מיט ציון האָט געבראַכט צו א"י און קומענדיק אין לאַנד איז מען געקומען צום באַוווסטזיין, אַז מען דאַרף עס קאָלאָניזירן. אַזוי, אַז אונדזער באַוועגונג איז אין אָנהויב ניט געווען קיין פּאָליטישע באַוועגונג. אָבער ווען מען האָט זיך אָנגעטראָפן אויף פּאָליטישע שטערונגען זיינען מיר געקומען צום באַ־וווסטזיין, אַז ס'זיינען נויטיק פּאָליטישע רעכט. מיר זיינען מער אַרומגע־גאַנגען דעם געזעץ ווי געגאַנגען לויט אים.

הערצל איז אַנדערש געקומען צום ציוניזם, ער איז געקומען ווי אַ פּאָליטישער ציוניסט. ער איז געקומען פון דער אויפפאַסונג, אַז געזעלשאַפט־לעכע פראַגן זיינען בעיקר פּאָליטישע פראַגן; אַז די מדינה איז די פאָרם פון

עקזיסטענץ אויף דער וועלט און פון יעדן פאָלק. אַזוי האָט ער געהאַלטן די יידישע פראַגע אַלס פּאָליטישע פראַגע. דאָס האָט געבראַכט הערצלען צו שטעלן אין צענטער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג די פּאָליטישע זייט.

מיר זאָגן פאַרקערט: די יידישע פראַגע איז בעיקר אַן עקאָנאָמישע פראַגע, אַ נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע פראַגע. דער אינהאַלט פון אונדזער שטרעבונג איז אַ טעריטאָריאַליסטישער, דער אינהאַלט פון אונדזער טאַט איז אַ קאָלאָניזאַטאָרישער. און עס זיינען דאָ מאָמענטן, ווען ס'איז וויכטיק, וואָס מען האַלט פאַרן ציל — די מדינה אָדער די טעריטאָריעלע קאָלאָניזאַציע. דער געדאַנק, אַז די מדינה איז נאָר אַן איבערגאַנגס־פאָרם און נישט די נאַטירלעכע עקזיסטענץ־פאָרם פון דער געזעלשאַפט איז נאָענט נאָר די, וועלכע זיינען נישט פאַראינטערעסירט אין דער עקזיסטירנדער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט אין איר אָפּשאַפונג. די אָנהענגער פון מאָנאַרכיע האָבן געהאַלטן, אַז זי איז די גאָט־נאַטירלעכע פאָרם פון דער מדינה. דער ליבעראַליזם האָט פאַרהייליקט און געזען אַלס נאַטירלעכע פאָרם פון לעבן — די מדינה, וועלכע דאַרף שיצן דאָס פּריוואַט־אייגנטום פון מענטשן, זיינע רעכט פון אינדיווידועלער אַנטוויקלונג. אין פּעריאָד פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און באַלד נאָך איר, איז די יידישע פראַגע געווען אַ פראַגע פון רעכט פאַר יידן. דערפאַר איז אין אָנפאַנג געווען ביי די יידישע ליבעראַלן די פראַגע פון לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם געבונדן מיט דער פראַגע פון קריגן רעכט פאַר יידן. הערצל און פּינסקער האָבן די פראַגע פון יידן איבערגעטראָגן אויף דער פלאַך פון רעכט פאַרן יידישן פאָלק אַלס אַ פרייע זעלבסטשטענדיקע נאַציע.

הערצל איז געווען אַן אונגאַרישער ייד מיט אַן אייראָפּעישער קולטור. לויט זיין וועזן איז ער געווען אַ קאָסמאָפּאָליט — אַ בירגער פונם קאָסמאָס, וועלכן מען האָט דאַן אידענטיפיצירט מיט אייראָפּע; אַ ייד, וואָס איז אַסימילירט אין אייראָפּע און איז געקומען צום ציוניזם, האַלטנדיק, אַז יידן קענען זיך נישט אַסימילירן אין דער אַנטיסעמיטישער געזעלשאַפט. ער איז געטריבן געוואָרן דורכן באַליידיקטן כבוד־געפיל פון אַ יידן און געקומען צו דער אידעע פון לייזן די פראַגע דורך אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער מדינה. געקומען איז ער צו דעם אַלס אונגאַרישער ייד, וואָס האָט אַלץ עסטרייכישער קאָרעספּאָנדענט ביים פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט ביי־געווען דעם דרייפוס פּראָצעס. אָבער די לייזונג, וואָס ער האָט פאָרגעלייגט איז געווען אַ ריין פּאָליטישע. אַלס מעטאָדן האָט ער אויסגעוויילט פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען. דערפאַר איז ער דערגאַנגען צו זיין גענישאַלן געדאַנק פון שאַפן איין אָרגאַן, וואָס זאָל פאַרייניקן אַלע יידן

אין דער וועלט. יידן זיינען א פאלק, אבער זיינען נים קיין פאליטישער פאקטר; זיי ווערן פארפאלגט נים נאר פיזיש און עקאנאמיש, נאר אויך פאליטיש. און הערצל האט געוואלט געפינען דעם וועג צו מאכן פון די יידן א פאליטישן פאקטאר, ווייל דאס יידן־פראבלעם האט ער געהאלטן אלס ריין פאליטיש. ער האט געהאלטן, אז אין יידן־פראבלעם זיינען פאראינטערעסירט אלע מדינות, וווּ עס לעבן יידן. דאס יידישע נאציאנאלע פראבלעם איז אן אינטערנאציאנאל פראבלעם, א פראבלעם פאר די יידן, און פאר אלע פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן. דערפאר האט ער געמיינט, אז מען קען מיט די לענדער פארהאנדלען און זיי דארפן אלע זיין פאראינטערעסירט אין לייזן דאס יידן־פראבלעם. כדי די יידן זאלן ווערן א פאליטישער פאקטאר האט הערצל געשאפן דעם ציוניסטישן קאנגרעס. און געשאפן האט ער אים לויט זיינע דעמאקראטישע אנשויאונגען — אפן פאר אלע יידן, וועלכע האבן אלע גלייכע רעכט צו קלייבן זייערע פאר־טרעטער.

און דערפאר האט ער געשריבן בעתן קאנגרעס: „היינט איז געשאפן געווארן די יידישע מדינה", ס'איז געשאפן געווארן א יידישער פאליטישער פאקט, נאך איידער יידן האבן באהערשט זייער לאנד. אלס וועג האט ער אויס־געקליבן דיפלאמאטישע אונטערהאנדלונגען וועגן א"י, טראכטנדיק אז אין דעם זיינען פאראינטערעסירט זייער פיל לענדער. ער האט געפאדערט, אן עפנטלעך־רעכטלעך געזיכערטע היימשטאט אין ארץ־ישראל. צווישן די מיטלען צו ווירקן אויף דער טערקישער רעגירונג און אלס צוגרייטונג צו דער צייט, ווען מיר וועלן האבן פאליטישע רעכט, האט ער געהאלטן פאר וויכטיק געלט און דעם יידישן נאציאנאל־פאנד. דאס באטראכטן אלס מיטל די דיפלאמאטישע פארהאנדלונגען וועגן קריגן א יידישע מדינה האט זיך געענדיקט מיט יאוש און גרויסן קריזיס פון אוגאנדא. אבער הערצל האט דאך געשאפן דעם דעמא־קראטישן און ציוניסטישן קאנגרעס, וואס איז געווארן א פאליטישער פאק־טאר; א דעמאקראטישער אויסדרוק פון יידישן פאלק, וועלכער איז געגאנגען ווייטער ווי די דיפלאמאטישע ארבעט. מ'האט געשאפן דעם ישוב אין לאנד, וועלכער איז געווארן דער יסוד צו נים אפקערן זיך פון א"י. מ'איז צוגעטרעטן בויען א"י אלס פאליטישע מאכט.

אונדזער וועג איז געוועזן דער וועג פון שאפן פאקטן אין א"י. דעם פאליטישן וועג האבן מיר געהאלטן נאר אלס באגלייטער און נאר אויף אזויפיל וויכטיק, אויף וויפיל מיר קענען זיך שטיצן אויף אונדזערע כוחות און מעג־לעכקייטן אין דער וועלט און שטיצע אדער פאראינטערעסירטקייט פון אנ־

דערע מלוכות. אָבער מיר האָבן ניט אָנגענומען דעם פּאָליטישן וועג אַלס פּאַרבאַדינג פאַר דער בויאונג פון לאַנד, אָדער אַלס ענד־ציל. אין פּאָליטישן קאַמף האָבן מיר געזען אַ קאַמף פאַר באַדינגונגען פאַר דער קאָלאָניזאַציע, וועלכע איז אונדזער עיקר טאַט.

אַזוי זיינען מיר אַריין אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. מער האָט דער פּאָליטישער ציוניזם ניט געמאַכט קיין פּאָליטישע פּרוון צו קריגן א"י. מיר האָבן אָבער אויף דעם ניט געוואַרט. אונדזער פּאָליטישער מיטל איז געווען דאָס פּאַקטישע פאַרגרעסערן דעם יידישן ישוב, זיין געזונטמאַכונג; דאָס באַזעצן זיך אין שטאָט און דאָרף, די פעיקייט צו הגנה; דער קאָלאָניזירונגס־פּראָצעס, וואָס ע ר איז דער צוועק, צוליב וועלכן מיר דאַרפן האָבן די יידישע מדינה. . צום ענדע פון קריג און נאָך בשעתן קריג איז די פּראַגע — ווער וועט הערשן איבער א"י — געווען די וויכטיקסטע אין דעם פּאָליטישן ציוניזם. דאַן איז אַנטשטאַנען ביי אַ טייל פון פּאָליטישן ציוניזם די אידעע פון פאַרכאַפּן א"י מיט אַ מיליטערישן כוח, ווייל זיי האָבן דאָך געהאַלטן אַלס ציל די מדינה. זיי האָבן פאַרשטאַנען דעם ציוניזם אַלס ריין פּאָליטישע מדינה־באַוועגונג, און אַ מדינה נעמט מען מיט דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען און מיט מיליטערישער קראַפט. די מלחמה האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ גרויסע געלעגנהייט דערצו. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון רעוויזיאָניזם.

מיר האָבן אַלזאָ דריי אויפפאַסונגען פון ציוניזם:

א) דער אחד העמיזם, וואָס זאָגט: מ'דאַרף טאָן דאָס מינימאַל־מעגלעכע, וואָס מ'קען טאָן, ד. ה. — דער ציוניזם אָן טעריטאָריאַליזם.

ב) די אידיי פון ריינעם פּאָליטישן ציוניזם, וואָס האָט געבראַכט פון איין זייט צום אוגאַנדיזם, פון דער צווייטער — צום לעגיאָניזם, וועמענס אויסדרוק איז געווען זשאַבאָטינסקי.

ג) אונדזער אידיי, וועלכע זאָגט, אַז מען דאַרף א"י קאָלאָניזירן, אויפבויען און אין פּראָצעס פון דעם וועלן דעראָבערט ווערן פּאָליטישע רעכט.

דער פּאָליטישער קאַמף איז אַ טייל, אַ באַגלייט־דערשיינונג פון נאַציאָנאַלן יידישן שאַפן. א"י איז געווען און איז, אין באַזונדערע פּאָליטישע באַדינגונגען, ווייל זי האָט אַן אינטערנאַציאָנאַלע באַדייטונג. ס'זיינען אין איר פאַראינטערעסירט פיל מלוכות. זי ליגט אויפן וועג פון די אינטערעסן פון די אימפּעריעס. די באַדייטונג אירע האָט איר געבראַכט אין די הענט פון ענגלאַנד. אַלס מאַנדאַט איז זי אַ לאַנד פון אינטערנאַציאָנאַלער באַדייטונג און אינטערנאַציאָנאַלע רעכט אין איר, אָבער פּאַקטיש ליגט דאָס לאַנד אונטער דער

הערשאַפט פון ענגלאַנד. אין גלות איז אונדזער באַדייטונג די אינטערנאַציאָנאַלע פאַראינטערעסירטקייט פון דער ייִדן־פראַגע. אין א"י איז אונדזער באַדייטונג דער קאָלאָניזאַטאָרישער מאָמענט. דאָס זיינען צוויי קוועלן און צוויי יסודות פון אונדזער כוח. א"י איז פאָרמעל אַן אינטערנאַציאָנאַל פאַרמעגן, כאָטש פאַקטיש איז עס אין די הענט פון ענגלאַנד, וואָס איז ביז איצט געווען די גרעסטע אימפעריע אין דער וועלט — אַלנפאַלס דערפילט די גרעסטע אימפעריאַליסטישע פונקציעס. דער פאָליטישער קאַמף איז אומפאַרמיידלעך, אָבער דער אינהאַלט פון אונדזער באַוועגונג איז ניט בעיקר דער פאָליטישער. די פאָליטישע באַדייטונג האַלטן מיר ניט פאַר אָפהענגיק פון דער מדינה־מאַכט. ניט די מדינה שאַפט מאַכט־פאַקטאָרן, נאָר געשאַפענע פאַקטן שטיצן די מדינה.

די אויפפאַסונג פון רעוויזיאָניזם איז, אַז דער שטאַט איז אַלץ, אַז מיט אים, מיט מיליטער און פאָליציי, קען מען אַלץ טאָן, אַלץ שאַפן, אַז די מדינה שטייט איבער די קלאַסן און איז ניט קיין מיטל צו הערשאַפט פון איין קלאַס איבערן אַנדערן, נאָר איז אַ מיטל צו פרייער אַנטוויקלונג פון פאָלק; דער רעוויזיאָניזם מיינט, אַז ווען מ'וועט האָבן די מדינה אין אונדזערע הענט וועט מען קענען אַלץ אויפטאָן; אַז זי איז די איינציקע, נאַטירלעכסטע, און בעסטע פאָרם פון לעבן. אָט די אויפפאַסונג פון דער מדינה — איז די אויפפאַסונג פון פאַשיזם. אין דעם זין איז דער רעוויזיאָניזם אַ פאַשיסטישע באַוועגונג, וואָס אַנערקענט ניט קיין עקאָנאָמישע פראָבלעמען, קלאַסן־אונטערשיידן אַדגל. נאָר האַלט פון אַלמעכטיקייט פון גוואַלט־טאַטן, פון מדינה, און איז פאַר איבערגעבן די עקאָנאָמיק אין די הענט פון דער מדינה. דאָס איז אַ קעגנזאַץ צום סאָציאַליזם, וועלכער וויל די עקאָנאָמיק איבערגעבן דער געזעלשאַפט, וואָס זאָל פאַרווישן די קלאַסן־אונטערשיידן און זיין אַ פאַרייניקונג פון פרייע מענטשן. די רעגירונג וועט שפילן אַ ראָל פון אַ רעגולאַטאָר און די מדינה וועט מיט דער צייט אָפשטאַרבן.

ביי זיי איז די מדינה אַ מיטל פון הערשן פון העכסטן מענטש, פון העכסטן פאָלק, פון העכסטער ראַסע. ניט אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון די קלאַסן, פון דער עקאָנאָמיק און קולטור, נאָר מיט דער הילף פון גוואַלט קען מען דערגרייכן אַלץ. דאָס זיינען געפילן פון דער אונטערגייענדער בורזשואַזיע, וואָס דערמאָנען יענע געפילן פון געזעץ און גוואַלט פון דעם אונטערגייענדן פעאָדאַליזם אין סוף פון מיטלאַלטער. פאַר די קלאַסן, וואָס האָבן ניט קיין פאָרווערטס־כוחות, — פאַר די אונטערגייענדיקע כוחות —

איז די פּאָליטיק אַליץ. און זיי קענען זיך טאַקע אײַנהאַלטן נאָר דורך גוואַלט, דורך אונטערוואַרפן אַליץ דער מדינה: דעם מענטשן, די קלאַסן, די נאַציע. דער פאַשיזם איז דער אידייען־גאַנג, וואָס אַטשפּרעכט דער בורזשואַזיע אין דער תקופה פון אויפגייעדיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די אויפפאַסונג טראָגט זיך איצט איבער אייראָפּע. זי איז אַן אידיי פון ערשטן וועלט־קריג. דאָס פּרייד־כנטום האָט געטראָגן די אידייע פון דער מדינה, געגלויבט אַז קיין זאַך האָט ניט אַזאַ באַדייטונג, ווי דער כוח פון אָרגאַניזירטן מיליטער און ניט עקאָנאָ־מישע, סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע אָדער קולטורעלע כוחות. און אָט די אידייען פון דער מדינה האָבן זיך צוזאַמענגעפּלאָנטערט מיטן ציוניזם דורכן רעוויזיאָ־ניזם — אין דער אויפפאַסונג, אַז דעם ציוניזם קען מען פאַרווירקלעכן נאָר דורך אַ מדינה און מיליטער.

דאָס שווערסטע איז דערגרייכן דעם ציל — די מדינה — דורך קאָלאָ־ניזאַציע. און מען רעדט זיך איין, אַז מען קען זי באַקומען דורך לייכטערע מיטלען: דורך דיפּלאָמאַטיע, מיליטער, טעראָר. איך האָב אייך געוואָלט ווייזן, וואָס פאַרא טיפע פאַשיסטישע וואָרצלען האָט דער רעוויזיאָניזם אין דער אויפפאַסונג פון דער מדינה, וועלכע וועט אונדז אַליץ געבן, אַנשטאָט חלוצים, געלט, אַרבעט. עס איז ניט קיין ניט־רעאַליסטישער געדאַנק, נאָר אַ בירגער־לעכער געדאַנק, ווייל די מדינה קען האָבן אַ באַדייטונג, כאָטש אין כוח וועט זי מוזן אונטערגיין. דער רעוויזיאָניזם איז אין אָנהויב געווען גאָרניט קיין אַרבעטער־פייַנטלעכע באַוועגונג, נאָר אַ פּשוטע פּאָליטיש ציוניסטישע באַוועג־גונג. ער איז געווען אַ בירגערלעך־פּאָליטישע אויפפאַסונג פון קריגן דעם ציו־ניזם נ אָ ר דורך אַ מ ד י נ ה.

## דער געדאַנק פון אַ מדינה

איז טאַקע אמת, אַז אַ רעגירונג איז אַלמעכטיק, אַז זי קען טאָן אַליץ וואָס זי וויל? ווען ס'וואָלט אַזוי געווען, וואָלט זיך קיין רעגירונג קיינמאָל ניט געענדערט, און די אָרדנונג, וואָס איין רעגירונג פירט איין, וואָלט שטענדיק געבליבן די זעלבע. הענגט דען אָפּ דאָס לעבן פון פעלקער, פון רעגירונגען, מדינות — צי פאַרקערט?

גוואַלט איז זייער אַן אָנזעעוודיקער, בולטער כוח, אָבער ניט אין גוואַלט אַליין איז דער כוח פון גוואַלט. ער איז ניט דער פּרימערער כוח. הער־

שאפט פון מענטשן איבער מענטשן איז ניט די איינציקע און ניט די עיקר־פאָרם פון לעבן. האָבן בײדע גענוג פון דער נאַטור — קענען זײ זיך באַגײן אָן דער הערשאַפט. עס וואָלט איבערהויפט ניט געווען קײן אַנטוויקלונג, ווען אַלץ וואָלט אָפּהענגיק געווען פון הערשאַפט. פּאָליטישע הערשאַפט־באַציִונגען זײנען ניט קײן סטאַבילע. די הערשאַפט, די פּאָליטישע באַציונגען, זײַנען אָפּהענגיק פון אַנדערע באַציונגען. די הערשאַפט איז פאַרבונדן מיט אַ שטענדיקן קאַמף. קײנמאָל איז דער הערשער ניט זיכער מיט זײַן הערשאַפט, ווײַל קײנמאָל וויל דער באַהערשטער ניט זײַן פאַרשקלאַפט. אַזוי איז בײַ דער הערשאַפט פון פעלקער איבער פעלקער, אַזוי — בײַ דער הערשאַפט פון קלאַסן איבער קלאַסן.

עס זײנען פאַראַן אַנטוויקלונגס־כּוחות. דער מענטשלעכער געדאַנק, די טעכניק און קולטור ענדערן כּסדר די כּוחות פון מענטשן בײם הערשן איבער דער נאַטור. עס ענדערט זיך די טעכניק, די כּוחות פון קאַפּיטאַל, פון אַרבעט פון באָדן, פון וויסן, און צום סוף ענדערט זיך אויך די פּאָליטישע אָרדנונג. אַזוי לאַנג ווי ס'איז דאָ אַ מדינה, וואָס איז פאַקטיש אַ הערשאַפט פון קלאַסן איבער קלאַסן, איז דאָ אַן אָרט פאַר קאַמף. די מדינה איז ניט אַלץ, זי איז אַ פאַקטאָר, אַ געווער, אָבער זי איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון אַלע אַנדערע פאַקטאָרן. עס איז ניט צופעליק, ווער עס שטײט בײַ דער מאַכט. דאָס איז אָפּהענגיק פון כּוחות, וועלכע עקזיסטירן און אַנטוויקלען זיך. עס איז זײער איליוזאָריש צו מײנען, אַז עס קען פאַרכאַפּן די מאַכט ווער עס וויל און ווען ער וויל, ווײַל ער שאַפט אַ מיליטערישן כּוח. עס איז אויך אַן אילוזיע, אַז ס'איז גענוג צו פאַרכאַפּן די מאַכט, מ'זאָל אַלץ קענען טאָן. און די אילוזיע איז נאָענט צו מענטשן, וועלכע האַלטן פון דער פּאָליטישער אָרדנונג.

די עקאָנאָמישע פאַרהעלטנישן באַשטימען די אַנטוויקלונג פון דער מדינה און ניט פאַרקערט. זײ מאַכן שטאַרק און זײ מאַכן שוואַך דעם סיסטעם, אומאָפּהענגיק פון דער פּאָליטישער קראַפט, פון פּאָליצײ, מיליטער. יעדע ענדערונג דויערט, די מדינה ווענדעט אָן אַלע אירע מיטלען אײנצוהאַלטן דעם אַלטן סיסטעם, אָבער זי קען אים ניט אײנהאַלטן, ווײַל אַלץ הענגט אָפּ פון דער עקאָנאָמיק, פון די מענטשן און זײער פּסיכאָלאָגיע. גײט די מדינה ניט נאָך דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג — ברענגט זי צו אײביקע רײַבונגען צווישן דעם פּאָליטישן סיסטעם און דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, פאַלט זי און טרעט אָפּ איר פּלאַץ דער פאָרם, וואָס איז מער לעבנספעיק. די מדינה ווערט באַשטימט דורך די אַנטוויקלונגס־כּוחות. די הערשאַפט איז קײנמאָל ניט פרײַוויליק, פרײַ־

ווילִיקייט איז אין כתירה מיט הערשאפט, און דערפאר איז די פאליטישע הערשאפט שטענדיק פארבונדן מיט א קאמף. דערפאר איז יעדער פאליטישער קאמף — א קאמף פאר מאכט. די מדינה איז אפהענגיק פון דער אנטוויקלונג, און דאס, וואס ענדערט די אנטוויקלונג — ענדערט די פאליטישע מאכט. דאס פאליטישע לעבן איז אפהענגיק ניט נאר פון די אינערע כוחות, נאר אויך פון אויסערע פאקטארן.

אונדזער באוועגונג איז ניט קיין צופעליקע, ניט קיין פראדוקט פון א קאפריז. מיר זיינען א פראדוקט פון לעבן און פון לעבנס־באדערפנישן. אונדזער וואנדערונג איז ניט צופעליק. עס איז א פראדוקט פון נאציאנאלע און אינטערנאציאנאלע מאמענטן, פון וואקסדיקע נאציאנאלע און סאציאלע קעגנזאצן. ניט אונדזער נאציאנאליזם האט געשאפן דעם פאקט, אז מיר מוזן וואנדערן. פארקערט, די לעבנס־באדינגונגען האבן אונדז געצוואונגען וואנדערן און דאס וואנדערן האט ווידער דערוועקט אונדזער נאציאנאלע אידיי. דורך דער שארפקייט פון די נאציאנאלע פארהעלטנישן, דורך דער רייפקייט פון דער סאציאלער רעוואלוציע זיינען מיר געשטויסן צום ציוניזם.

דער ציוניזם איז א פראבלעם פארן גאנצן יידישן פאלק, פאר אלע זיינע קלאסן, פאר אלע יידן. אבער די נויטיקייט פון דער טעריטאריע איז אמשטארקסטן פאר די ארעמע יידישע מאסן, ווייל די נויט שטויסט זיי שוין צום ציוניזם. פאר א רייכן ייד איז גענוג, אז ער האט א קולטורעלן צענטער אין א"י צו שטילן זיינע נאציאנאלע באדערפנישן. ער קען רואיק לעבן פון זיין פאבריק (פארשטייט זיך ביז א סאציאלער רעוואלוציע). ער איז פאר ציוניזם, אבער ביי אים ברענט ניט. אין די ערגסטע צייטן דרייט ער זיך לייכט ארויס. ער איז רעכטלאז אלס ייד און האט מער רעכט, מער מעגלעכקייטן זיך ארויסצודרייען אלס קאפיטאליסט. דערפאר ארט אים ניט, אז די אנטוויקלונג וועט גיין מעסיק, ניט שנעל. בכלל האט דער קלאס, לויט זיין לאגע, ניט ליב קיין קאטאסטראפאלע באוועגונגען, קיין רעוואלוציאנערע, שנעלע ענדערונגען.

מיר געפינען זיך אין א תקופה פון דער סאציאלער רעוואלוציע. אלע באציונגען פון פעלקער, פון קלאסן זיינען דערשיטערט, קיינער איז ניט זיכער מיט דער סטאביליטעט פון דער ארדנונג. די סטאביליטעט דויערט קורץ און קריזיסן ציען זיך לאנגע יארן. מדינות אנטשטייען און פארשווינדן. די יידן זענען אומעטום די שוואכסטע — סיי אלס פאלק, סיי סאציאל און זיינען געצוווּנגען צו וואנדערן. פאר די יידישע מאסן איז דער ציוניזם א לעבנס־נויטווענדיקייט און א קאטאסטראפאלע צייט־פראגע. מיר זיינען אריין אין דער תקופה פון

סאָציאַלער דערשיטערונג. וואָלט אַלץ געשטאַנען פעסט, וואָלט דער אָרט, ווו ייִדן זײַנען, אויך געשטאַנען פעסט. זיי וואָלטן געווען אונטערדריקט, אָבער וואָלטן געהאַט לעבנס־מעגלעכקייטן. ווען מיליאָנען וואַנדערן — וואַנדערן דאָך גויים צווישן זיי ייִדן און דאָס איינציקע לאַנד, וואָס קען זײַן אַ געוויסע היסטאָרישע לייזונג פאַר די ייִדן — און די איינציקע לייזונג — געפינט זיך אונטער אַ פרעמדער הערשאַפט. ווען ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקצוקערן קיין א״י האָט דאָס לאַנד פּאָליטיש געהערט טערקיי. הײַנט געהערט עס צום פעלקער־בונד. דער מאַנדאַטאָר איז ענגלאַנד. איז וואָס זײַנען אונדזערע האָפענונגען אויף די מעגלעכקייטן פון דער פאַרווירקלעכונג, אויב דאָס לאַנד געפינט זיך ניט אין ציוניסטישע הענט? דאָס איז ניט נאָר אַ היסטאָרישע פראַגע, נאָר אַן אַקטועלע פראַגע, אַ הײַנטיקע נויטווענדיקייט.

ארץ־ישראל איז פּאָליטיש ניט זעלבשטענדיק און איז אַ טייל פון אַנדערע מדינות, וועלכע הערשן איבער איר זינט די ייִדן זײַנען אַוועק פון לאַנד. די הערשאַפט איבער אַ פרעמד לאַנד איז מעגלעך ביי דער אינערלעכער שוואַכקייט פון לאַנד און שטאַרקייט פון הערשער. און שטאַרק איז דער דרויסנדיקער כּוח, וועלכער האָט אַ פּאָליטישע קראַפט און קען הערשן אַדאַנק דעם, וואָס ער שטיצט זיך אויף אַן עקאָנאָמישן כּוח. דאָס מיליטער איז נאָר אַ טייל פון די כּוחות, אָבער ניט דאָס דעצידירנדיקע. דער כּוח פון אימפּעריאַליזם איז ניט נאָר דער כּוח פון דער אימפּעריע, נאָר אויך די שוואַכקייט פון די באַהערשטע. אַנטוויקלטע פעלקער איז שווערער צו באַהערשן. אַנטוויקלט — ד. ה. אי טעכניק, אי ווירטשאַפט, אי מיליטער, אי קולטור. איבער א״י הערשט במשך פון צוויי טויזנט יאָר אַלעמאָל אַן אַנדערער. ווען די ייִדן זײַנען דאָרט געווען האָבן זיך ניט געביטן אַזוי שנעל די הערשער.

א״י איז געווען אַן אומבאַזעצט לאַנד, ניט ווייל עס איז קיינמאָל ניט געווען באַזעצט, נאָר ווייל זי איז חרוב געוואָרן. ס'איז אַ לאַנד, וואָס מ'האָט אויפגעהערט צו אַנטוויקלען. אין 1917, שוין נאָכן וווקס פון דער באַפעלקערונג, האָבן אין א״י געוווינט ס״ה זיבן הונדערט טויזנט מענטשן. חרוב איז דאָס לאַנד געוואָרן, ווייל עס איז געווען אַ רוימישע פּראָווינץ און הוים איז ניט געווען פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער לאַנד. מ'האָט דאָס לאַנד ניט באַאַרבעט — זײַנען גרויסע טיילן פון לאַנד פאַרוויסטעט געוואָרן. עס איז „ארץ זבת חלב ודבש“, אַ לאַנד פון מילך און האָניג און נישט פון קיין גאָלד און נאַפט; דאָס הייסט, אַ לאַנד, וואָס באַצאָלט ווען מען אַרבעט אויף איר, אָבער אַרבעטן מוז מען. א״י האָט ווייניק מינעראַלע רײַכטימער, שכנישע

לענדער זיינען פיל חיכער ווי א״י. אָבער דאָס לאַנד איז ניט קיין מדבר, עס האָט אויך וואַסער און גוטע ערד וועלכע גיט לעבנס־מעגלעכקייטן, ווען מען באַאַרבעט זי. א״י קען דערנערן און האָט דערנערט מיליאָנען מענטשן, אָבער זי האָט שכנישע לענדער, וועלכע האָבן פון דער נאַטור פיל גרעסערע רייכטי־מער, וועלכע נויטיקן זיך אין פיל אַרבעט און וויסן. א״י האָט מען איינגענומען דורך אַ מיליטערישן כוח און צוליב ריין מיליטערישע און סטראַטעגישע צוועקן — אַלס דורכגאַנגס־לאַנד צו מצרים, צו ארם־נהריים, צו אינדיען. מ׳האָט א״י ניט באַזעצט — נאָר געהערשט אין איר מיליטעריש. אימפּעריאַליסטישע רעגי־רונגען אַנטוויקלען אויך לענדער, אָבער נאָר דאַן, ווען עס לוינט זיי.

די אַראַבישע און איסלאַמישע פעאָדאַל־מיליטערישע מאַכט, וואָס האָט באַהערשט שטחים ביז שפּאַניע און ווין, האָט די לענדער באַאַרבעטן ניט גע־קענט. זי האָט ניט געהאַט דערצו קיין מענטשן, קיין קולטור, קיין קאַפּיטאַל. אויך מעסאָפּאָטאַמיע און אַנדערע לענדער זיינען פּאַרוויסטעט געוואָרן. די אַראַבישע הערשאַפט איז געווען אַ קאָלאָניאַלע און אפילו ווען די אַראַבער וואָלטן איבער־געגאַנגען צום פּראָגרעסיוון קאַפּיטאַליזם, אָדער אפילו צום סאָציאַליזם — וואָלטן זיי אויך ניט באַאַרבעט א״י. זיי וואָלטן פריער באַאַרבעט סיריע און מצרים, וווּ עס פאָדערן זיך קלענערע אָנשטרענגונגען.

א״י איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און ניט געווען זעלבשטענדיק, ווייל הערשאַפט איבער מענטשן און איבער דער נאַטור איז ניט קיין שטאַנד־האַפטיקע. ווי אַ מדינה, וואָס שטיצט זיך ניט אויף באָדן, איז וואַקלדיק. א״י איז געבליבן וואַרטן אויף אונדז ניט ווייל גאָט האָט געהייסן וואַרטן, ניט ווייל מיר האָבן געהאַט אַ באַציונג צום לאַנד, נאָר ווייל עס איז געווען באַהערשט קאָלאָניאַל, ניט באַזעצט. עס איז געווען אַ לאַנד, וואָס פאָדערט באַזעצט צו ווערן, פאָדערט אַ קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעט פון מענטשן, וועלכע האָבן צו דעם אַ ספּעציעלע באַציונג און אַ נויטבאַדערפניש אין באַאַרבעטן עס. דאָס לאַנד איז ניט קיין נאַטירלעכער מדבר, אָבער עס איז ניט באַזעצט. און די פראַגע, ווער וועט אין איר הערשן — איז די פראַגע, ווער וועט עס קאָלאָניזירן. אונדזער כוח אין א״י איז אונדזער קאָלאָניזאַטאָרישער כוח, מיר האָבן ניט קיין אַנדער אויסוועג פון אונדזער וואַגלעניש ווי קאָלאָניזאַציע, און מיר האָבן ניט קיין אַנדער אָרט צו קאָלאָניזירן ווי ארץ ישראל. עס זענען נישטאָ קיינע באַזונ־דערע סיבות מיר זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו קאָלאָניזירן אַן אַנדער אָרט.

אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן ניט געמאַכט קיין פּאָליטישע אַרבעט זיינען מיר געווען אומבאַדייטנד. אַ פּאָליטישער כוח אין א״י זיינען מיר אויף אַזויפיל, אויף

וויפֿיל מיר קאָלאָניזירן און באַזעצן דאָס לאַנד. נאָר דאָס לאַנד קאָלאָניזירן מיר, און דאָס לאַנד קאָלאָניזירן נאָר מיר. עס איז אוטאָפּיש, אַז וועלכע ניט איז רעגירונג וועט איינגעמען דאָס לאַנד און אונדז דאָס איבערגעבן צו קאָלאָניזאַציע. קיין רעגירונג וועט ניט פֿאַרלירן קיין כוחות צו איינגעמען אַ לאַנד, כדי פֿון דעם גאָרניט האָבן און אָפּגעבן עס אַ צווייטן. קיין רעגירונג וועט ניט גיין קעגן אירע אייגענע אינטערעסן צוליב אימיצנס אינטערעסן. איך גלויב אין אינטערנאַציאָנאַליזם, אָבער ניט אין אַן אינטערנאַציאָנאַליזם פֿון איין פֿאָלק — פֿאַר אַן אַנדער פֿאָלק, נאָר אין אַן אינטערנאַציאָנאַליזם פֿון אַלע פֿעלקער צוזאַמען — פֿאַר אַלע פֿעלקער. ווייל אַפֿילו די אינטערנאַציאָנאַליטעט איז ניט קיין סענטימענטאַלער געפֿיל, נאָר רעאַלע אינטערעסן־באַציונגען פֿון אַ געזעלשאַפֿט אָן קלאַסן, וועלכע האָט די גאַנצע איין ציל — צו הערשן איבער דער נאַטור. נאָר די קאָלאָניזאַטאָרישע מעגלעכקייט פֿון יידישן פֿאָלק אַליין, ד. ה. די אַרבעט און דער קאַפּיטאַל (וואָס איז אייגנטלעך אויך אַרבעט, ווייל אַרבעט גיט אַ באַפֿרידיקונג די אַרבעטער און שאַפֿט קאַפּיטאַל) וועט באַשטימען אונדזערע דערגרייכונגען. און מיר זענען דאָך ניט קעגן קאַפּיטאַל, נאָר קעגן קאַפּיטאַליזם. מיר זיינען פֿאַר דעם, דער אַרבעטער זאָל ניט נאָר באַפֿרידיקן זיינע באַדערפֿנישן, נאָר שאַפֿן וואָס מער קאַפּיטאַל פֿאַר זיך, ד. ה. פֿאַר ווייטערדיקער פּראָדוקציע, פֿאַר הויבן די פּראָדוקטיוויטעט, פֿאַר דערציען קינדער. מיר ווילן, דער מערווערט זאָל גיין ניט פֿאַר קאַפּיטאַליסטן, נאָר פֿאַר קאָלאָניזירן דעם קאַפּיטאַל. מיר ווילן עס זאָלן געשאַפֿן ווערן אַרבעט, אַרבעטס־מעגלעכקייטן און קאַפּיטאַל.

מיר דאַרפֿן אַזאַ הערשאַפֿט איבערן לאַנד, אַז אַלץ, וואָס איז אין אים דאָ, זאָל דינען דער קאָלאָניזאַציע: דער באָדן, דאָס וואַסער, די צאָל־אַמטן אאַ"וו. מיר דאַרפֿן אַ ציוניסטישע הערשאַפֿט איבערן לאַנד ניט מיטן ציל עס אויסצונוצן, נאָר בכדי עס צו קאָלאָניזירן. געוויס דאַרפֿן מיר אַ הערשאַפֿט איבער א"י, אָבער אום צו הערשן איבערן לאַנד ווי יידן, ווי ציוניסטן — דאַרפֿן מיר עס פֿריער קאָלאָניזירן. די אידיי פֿון פֿריער באַהערשן דאָס לאַנד און דערנאָך קאָלאָניזירן איז אַן אוטאָפּיע, געבויט אויף היסטאָריש אוממעגלעכע אילוזיעס. ניט די אידיי, אַז מען דאַרף אַ יידישע מדינה איז אַ שלעכטע זאַך, יידן דאַרפֿן ווי אַלע פֿעלקער האָבן אַ מדינה (כל־זמן ס'עקזיסטירן מדינות) און דווקא אַ ציוניסטישע מדינה, וועלכע קען ניט זיין באַזירט אויף אונטערדריקן אַ צווייט פֿאָלק. זי דאַרף לאָזן פֿריי זיך אַנטוויקלען אַלע כוחות פֿון דער פּראָדוקציע פֿון פֿאָלק. אונדזער נאָענטסטער ציל איז אַ סאָציאַליסטישע מדינה אין א"י, וועלכע וועט זיך באַציען צו יעדן מאָט פֿון דעם שטאַנדפּונקט, אַז מען דאַרף אין

לאַנד אַריינצונעמען אַלע יידן. און פאַרקערט — אַן אַראַבישע קאַפּיטאַליסטישע מדינה דאַרף זיין פאַראינטערעסירט אין אַרויספירן מענטשן אויף אויפבויען אַרם־נהריים, וווּ ס׳זיינען דאָ גרעסערע מעגלעכקייטן. מיר ווילן ניט די אַראַבער זאָלן צופּאַסן א״י צו זייערע באַדערפענישן פון אַנטוויקלונג, נאָר דאָס לאַנד זאָל צוגעפּאַסט ווערן צו אַ שנעלן אַריינצונעמען פיל יידן אין משך פון וויניקע יאָרן. דעריבער קען אונדזער שטרעבונג ניט זיין קיין בי־נאַציאָנאַלע מדינה, וואָס זאָל וואַרטן אויף אַ פּאַמעלעכער אַנטוויקלונג, נאָר דווקא אַ יידישע מדינה, אַ ציוניסטישע, וואָס זאָל שוין אין דער שנעלסטער, מעגלעכער צייט ראַטעווען וואָס מער יידן. קלאָר, אַז די אַראַבער וועלן אין איר האָבן פרייע נאַציאָנאַלע רעכט. איז דען גערעכט סאָציאַליסטיש און קאָמוניסטיש און מענטשלעך, אַז דאָס לאַנד זאָל איבערגעגעבן ווערן די אינטערעסן פון אַ גרויס אַראַביש פאָלק, וואָס האָט ניט קיין מענטשן צו באַזעצן זייגע גרויסע לענדער, און מ׳זאָל וואַרטן ביז זיי וועלן זיך דאָרט אַנטוויקלען?! ס׳איז אַלזאָ באַרעכטיקט, אַז מיר דאַרפן אַ מדינה, אָבער דאָס איז אַן קאָלאָניזאַציע ניט מעגלעך.

דאָס וואָס מיר האָבן דערגרייכט אין א״י ביז איצט איז אַדאַנק דער קאָלאָניזאַציע און טראָץ די ענגלענדער. דער רעוויזיאָניזם איז קעגן דער קאָלאָניזאַציע און קעגן חלוציזם. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען זיי האָבן געפאָדערט אי־בערייסן אַלע אַרבעטן ביז מען וועט קריגן די מדינה, ווייל ווען מען קויפט ערד און מ׳בויט — מאַכט מען רייך די אַראַבער און ענגלאַנד. און ווען מיר וואָלטן זיי דאַן געפאָלגט, וואָלטן זיי היינט נישט געהאַט אפילו וווּ צו דורכפירן זייערע טעראָר־אַקטן. מען קריגט דאָך ניט קיין מאַכט מיט פּאָליטישע אַרויסטריטן. מיר האָבן אַ כוח אין לאַנד, אויף וויפיל מיר האָבן עס באַזעצט, אויף וויפיל מיר שאַפן דאָרט ווערטן, אויף וויפיל עס איז אַנטוויקלט אונזער הגנה. א״י איז ניט צופעליק אָפּהענגיק. אַ קאָלאָניע קען ניט באַפרייט ווערן, ווען זי איז ניט אַנטוויקלט.

איינער פון די מיטלען אויפן וועג צו שאַפן אַ יידישע מדינה איז דאָס שטאַרקן דעם אַל־יידישן פּאָליטישן כוח — דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס זאָל ווענדן אַלע מעגלעכקייטן פון יידישן פאָלק פאַר קאָלאָניזאַציע. און דווקא דער רעוויזיאָניזם איז אַרויס פון דעם איינציקן אָרגאַן און געשפּאָלטן אים, דער־קלערנדיק אים פאַר ניט פעיק. אין דעם זין האָט דער רעוויזיאָניזם געבראַכט נאָר שאָדן. בכדי צו קענען דערפירן דאָס פאָלק צום דערגרייכן אויך פּאָליטישע רעזולטאַטן, מוז מען האָבן איין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. מען מוז זיך אָרגאַני־זירטערהייט אַריינמישן אין דער בוױונג פון לאַנד. דאָס יידישע פאָלק מוז פאַר־

ליטיש זיין אָרגאַניזירט. אנשטאָט דער מדינה האָבן מיר די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. דער רעוויזיאָניזם זוכט אַנדערע מיטלען צו באַהערשן דאָס לאַנד — ניט דורך קאָלאָניזאַציע נאָר דורך איבערצייגן ענגלאַנד, אַז מיר זיינען די וויכטיקסטע שטיצע פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם.

די אינטערנאַציאָנאַלע פאַראינטערעסירונג פאַר דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע, איז געווען אַ וויכטיקער מאָטיוו ביי הערצלען און איז פאַרבליבן אויך ביי אונדז. אַלע מדינות האָבן אַן אינטערעס, אַז יידן זאָלן ביי זיי ניט זיין. אָבער דערפון איז ניט געדרונגען אַז דאָס וועלן פּטור ווערן מוז זיי ברענגען צו וועלן אויסבויען די יידן אַלס אַ פאָלק. מיר טענהען שוין 50 יאָר און קיין פּאָקטישע אונטערשטיצונג האָבן מיר נאָך ניט דערגרייכט. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט איז זייער ווייט פון הערשן אין די אינטערנאַציאָנאַלע באַציונגען, ווייל עס קומט פאַר אַ קאַמף צווישן צוויי וועלט־סיסטעמען, און דאָס איז די הערשנדיקע דערשיינונג אין איצטיקן לעבן.

מיר האָבן דערלעבט היינט צו אַ פולקאָמער גלייכגילטיקייט צו אונדז מצד דער וועלט. יעדע רעגירונג איז פאַראינטערעסירט פון אונדז פּטור צו ווערן. יעדע קאָנטער־רעוואָלוציע וועט זיך אָנכאַפּן אָן יידן־שנאה. די נייע סאָציאַליסטישע מדינות ווערן געשאַפן דורך קאַמף. זיי האָבן פיל שונאים, וואָס פּרוּוון צו פירן דעם אינערלעכן קאַמף מיטן לייכטסטן געווער — יידן־שנאה.

עס איז ריכטיק, אַז יידן זיינען פאַרינטערעסירט אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג: ניט נאָר ווי סאָציאַליסטן נאָר אויך פּשוט ווי יידן. עס זיינען אין איר פאַרינטערעסירט אפילו יידן ניט־אַרבעטער. די יידן זיינען אַ שטיצע פאַר דער נייער אָרדנונג, דאָס ווייס יעדער קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. דורך דער יידן־שנאה איז אים לייכט אויפצוווּעקן שנאה קעגן דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג. יידן ברענגען נוצן דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג, אָבער ברענגען איר אויך שאָדן. זיי דינען אַלס ברען־מאַטעריאַל. מען קען זיי טאַקע לייכט אַנוואַרעמען, אָבער נאָך לייכטער איז זיי אונטערצוצינדן און אַזוי אַרום צעבלאָזן אַ שׂרפה. די באַציונג צו יידן קען ווערן פּאָזיטיוו, ווען זיי וועלן באַווייזן אַ כּוח צו קאָלאָניזירן זייער לאַנד.

## קאָלאָניזאַטאָרישע און פּאָליטישע קערפּערשאַפטן

איך וויל רעדן היינט וועגן פּאַרטייען, ווייל לײדער עקזיסטירן אַזעלכע. איך זאָג לײדער, אָבער איך מיין ניט דערמיט, אַז מענטשן דאַרפן זיך ניט

פאַרייניקן אין פּאַרטייען, איך מיין ניט, אַז ס'וואָלט געווען גוט, ווען מען פאַרווערט די פּאַרטייען, מען דערלויבט ניט מענטשן זיך פּאַרטייאיש אָרגאַניזירן. אין אונדזער צייט זיינען דאָ מענטשן פאַרייניקטע אין פּאַרטייען לויט זייערע פּאָליטישע אנשויאונגען און פּאָליטישע אונטערשיידן. אַ פּאַרטיי איז אַ פרייוויליקע פאַרייניקונג פון מענטשן לויט זייער באַוווסטזיין. כאָטש אַ פּאַרטיי איז ניט קיין צופעליקע קאַפּריז־זאַך, זי איז נויטווענדיק — צווינגט דאָך קיינער ניט די מענטשן געהערן צו דער פּאַרטיי. די מענטשהייט איז אָרגאַניזירט אין איר רעגירונגס־פאָרם, דער מענטש מוז געהערן צו דער מדינה, פּונקט ווי ער מוז געהערן צו דער קאַפּיטאַליסטישיר געזעלשאַפט. אָבער דעם מענטשס אידייען, זיין באַציונג צו דער מדינה, זיין מסכים זיין מיט איר אָדער וועלן זי ענדערן איז פרייוויליק. און לויט אָט די באַציונגען בילדן זיך פּאַרטייען אין דער ראָם פון דער מדינה. אַ פּאָליטישע פּאַרטיי ווערט אָרגאַניזירט כדי צו פאַרשפּרייטן די אידייען, כדי איבערציי̆גן די מערהייט בירגער, מיטן ציל צו איינשטעלן די שטאַטס־אָרדנונג, וואָס זי וויל. דער עיקר־ציל אירער, איז די פּאָליטישע אָרדנונג. דערפאַר הייסט זי אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. דער צוועק איז אַ פּאָליטישער, די מיטלען קענען זיין פאַרשיידענע. אויך פּאַרטייען שפּאַלטן די מענטשן, כאָטש מענטשן זיינען געשפּאַלטן בעיקר לויט זייער סאָציאַל־עקאָנאָמישער לאַגע.

די זעלבע באַדינגונגען, וואָס ברענגען צו אַ פּאָליטישער באַוועגונג, האָבן אונדז געבראַכט צו אַ קאָלאָניזאַטאָרישער באַוועגונג — דאָס איז די סאָציאַלע נויט פון די יידישע אָרעמע מאַסן. בעצם — אַלע שיכטן פון אונדזער פאָלק זיינען אין אַ סאָציאַלער נויט. דאָס איז אַ פּראָדוקט פון אונדזער נאַציאָנאַלער לאַגע, אָבער זי איז אַזוי ווירקזאַם ווי די סאָציאַלע סיבות, וואָס שאַפן אַ נייע פּאָליטישע פּאַרטיי, וועלכע וויל ענדערן די עקזיסטירנדע אָרדנונג. דאָס אַרייננטרעטן אין אַ פּאַרטיי איז פרייוויליק אָבער פּאַקטיש שטויסט דער לעבנס־אינטערעס אַרייננצוטרעטן אין איר. אַ פּאָליטישע פּאַרטיי איז פרייוויליק — היסטאָריש אָבער, איז זי נויטווענדיק און מענטשן פאַרשטייען פאַרוואָס מען דאַרף אין איר אַריינטרעטן. אונדזער קאָלאָניזאַטאָרישע באַוועגונג איז אַ ניט ווייניקערע נויטווענדיקייט ווי די פּאָליטישע פאַרייניקונג, אָדער פּאָליטישע פּאַרטיי פון אַרבעטער ביי אַנדערע פעלקער, וועלכע קעמפט פאַר פאַרבעסערונג פון זייערע סאָציאַלע נויטן. פון יעדן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט איז די קאָלאָניזאַטאָרישע באַוועגונג ניט ווייניקער נויטווענדיק און וויכטיק, ווי

דער קלאסן־קאמף. דאס איז א סאציאלע נויטווענדיקייט צוליב סאציאלע סי־בות; א היסטארישע נויטווענדיקייט, וועלכע איז ניט ווייניקער סאציאל וויכ־טיק ווי די סאציאלע רעוואלוציע.

דער ציל פון טעריטאריאליזאציע פון יידישן פאלק ווערט באזינט דורך דער קאלאניזאטארישער באוועגונג. מיר מוזן דעראבערן די פאליטישע הער־שאפט, כדי צו קענען פירן א פרייע און ברייטע קאלאניזאציע; אבער פאליטישע הערשאפט וועלן מיר ניט דערגרייכן אנדערש ווי דורך שאפן פריער ממשותדיק־ווירקנדיקע פאקטארן — דורך קאלאניזאציע. דערפאר איז ביי אונדז די פאר־טיי עפעס אנדערש ווי ביי אנדערע פעלקער, וועלכע האבן ניט קיין קאלאניזא־טארישע נויטווענדיקייטן. מיר האבן אין א״י קאלאניזאטארישע פאראייניקונ־גען און אויך פאליטישע פאראייניקונגען פון מענטשן — פארטייען. דער קי־בוץ שטייט פאר דער פראגע פון זיינע קעגנזייטיקע באציונגען מיט א פארטיי. א קאלאניזאטארישע באוועגונג נעמט ארום אלזייטיק דאס לעבן פון אירע חברים און שפילט אין זייער לעבן א גרעסערע ראל, ווי די פאליטישע פארטייען. א קאלאניזאטארישע פאראייניקונג — א פאראייניקונג פון מענטשן אין איין לעבנס־וועג — נעמט ארום אלע זייטן פון לעבן. זי נעמט ארום די מענטשן ניט נאר לויט זייער פאליטישער איבערצייגונג.

דער מענטשלעכער געדאנק איז אין זיין פארם פריי. דער ארבעטער־קלאס איז לויט זיינע אינטערעסן סאציאליסטיש, אבער די געדאנקען פון מענטש זיי־נען ניט שטענדיק לויט זיינע אינטערעסן. א מענטש האט א פארגאנגענהייט, געוווינהייטן, און קלערט מיט פארשידענע קאטעגאריעס.

דער קיבוץ איז א וועג פאר אלע מענטשן צו קאלאניזירן א״י, צו פארפעס־טיקן די סאציאליסטישע פאזיציעס פון די יידישע ארבעטער. ער דינט אלס באדן פאר אנטוויקלונג, פאר הגנה; א באזע צו גרינדן א יידישע ארמיי, ער האט א קאלאניזאטארישע, מאראלישע און דערציערישע באדייטונג. און ער מוז זיין אפן פאר אלעמען, אויך פאר די וואס גייען אריבער פון אנדערע קלאסן צום ארבעטער־קלאס. דערפאר זאגן מיר ניט, אז יעדער חבר פון קיבוץ המאוחד מוז געהערן צו א מארקסיסטישער פארטיי, ווייל דער מארקסיזם איז ביי אונדז ניט קיין באדינג נאר א פאלגע. דער מענטש ווערט ניט אן ארבעטער ווייל ער איז א מארקסיסט, נאר ווערט גיכער א מארקסיסט ווייל ער איז געווארן אן ארבעטער. דער אונטערשייד צווישן אונדז און דעם „השומר הצעיר״ באשטייט ניט אין דעם וואס מיר זאגן, אז מיר האבן ניט קיין מיינונג, נאר מיר לאזן די

מענטשן פריי דערגייען צו דער מיינונג. ניט אַלע אין קיבוץ מוזן זיין אין אַ גע־וויסער פּאָליטישער פּאַרטיי, אָבער זייער עצם זיין אין קיבוץ ברענגט די מער־הייט צו דער פּאַרטיי. מיר פרעגן ניט דעם מענטשן: וואָס טוסטו? מיר פרעגן: גייסטו אַרבעטן, ביסטו גרייט אויסצופילן אַלע אויפגאַבן פון קיבוץ? — קענסטו זיין אַ חבר אין אים. מיר זאָגן דעם חבר: קום צו אונדז. צו אונדזער אידייִ־אישן וועג וועט אים שוין דאָס לעבן ברענגען. מיר וואָלטן זיך געשיידט, אויב זיי וואָלטן געוואָלט איינפירן ניט קיבוציש־סאָציאַליסטישע פּרינציפּן אין אונ־דזער קיבוץ. אויב איינער וועט זיין אַ רעוויזיאָניסט און האַלטן אַז קיין באַזונ־דערע אַרבעטער־פאָרמען דאַרפן ניט עקזיסטירן; אָדער אַ צווייטער וועט לויט זיינע איבערצייגונגען האַלטן, אַז יידן טאָרן ניט עולה זיין קיין א״י, ווייל דורך דעם טוען זיי שלעכטס די אַראַבער און שעדיקן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — קענען זיי ניט זיין ביי אונדז אין קיבוץ. אַזוי אַרום זיינען יאָ פאַראַן פּאַרטייען, וועמענס מיטגלידער ס׳קענען ניט זיין אין קיבוץ. אויך אַנדערע ניט הסתדרותי־שע פּאַרטייען זיינען פּאַקטיש ניטאָ אין קיבוץ.

די פּאָליטישע פּאַרטייען אין לאַנד האָבן זייער אַנטוויקלונג. זיי שטייען ניט אויף איין אָרט. אונדזערע פּאָליטישע פּאַרטייען זיינען אַנדערש ווי פּאָלי־טישע פּאַרטייען אין דער וועלט. איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז אַלץ איז ביי אונדז אָריגינעל — אָבער ס׳איז אַנדערש. אין יעדן לאַנד האָבן די פּאַרטייען זייער אייגנאַרט, אָבער ביי אונדז, וו דער עיקר איז די קאָלאָניזאַטאָרישע טע־טיקייט — האָבן די פּאַרטייען גאָר אַן אַנדער אויסזען.

## רעוויזיאָניזם — וואָרצלען און צווייגן

„ ניליי"

נאָך פאַר דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג האָבן מיר שוין אין א״י גע־האַט אַ באַוועגונג פון יוגנט, וואָס איז געווען שטאַרק נאַציאָנאַליסטיש, כמעט אַנטי־סאָציאַליסטיש און אַנטי־פּראָלעטאַריש. זיי זיינען געווען יוגנטלעך, מיט שטרעבונג צו כוח און זיינע אויסדריקן, און צו יוגנט־באַנייאונג: אומצופרידע־נע פון דעם, וואָס עקזיסטירט, און אומצופרידענע פון דעם, וואָס קומט אָן, פול מיט שנאה צו דעם, וואָס גייט אויף. דאָס איז געווען אַ טייל קינדער פון די יידישע קאָלאָניסטן. געבוירענע אין א״י — האָבן זיי ניט דורכגעלעבט די

יידישע צרות אין גלות, ניט מיטגעמאכט דעם סאָציאַלן קאַמף אין פאַרשידענע לענדער פון יידישן גלות. זיי זיינען אויסגעוואַקסן אין דער מושבה מיטן אַראַבער, אַלס זייער פאַרשקלאַפטן אַרבעטער. זיי זיינען געווען בעלי־בתים, אָבער זיי זיינען געווען באַקאַנט מיט אַרבעט. זייער ווירטשאַפט איז געווען געבויט אויף אַראַבישער אַרבעט און יידישער אויפזיכט. זיי האָבן סאָציאַל געהערט צום פּויערטום, אָבער פאַקטיש זיינען זיי געשטאַנען אין דער מיט — צווישן „דוואַריאַנין" און פּויער. זייערע לעבנס־באַגריפן זיינען געווען ניט קיין רעליגיעזע. זייער פאַרבינדונג צו א"י איז ניט געווען ווי צו אַ הייליק לאַנד און ניט ווי צו אַ נויטווענדיקער טעריטאָריע, נאָר ווי צו אַ היימלאַנד, וועמענס נאַטור איז זיי נאָענט. זיי זיינען געווען שטאָלץ מיט דעם און האָבן געהאַט אַ קרענקלעכן געפיל וועגן דער הויכקייט פון זייער נאַציע, ווייל זי איז באַעוולט, ווייל זי איז אין אַ נידעריקער לאַגע. עס איז געווען אַן איבערטריבענער נאַציאָנאַליזם, דווקא ווייל די נאַציע איז געווען באַעוולט. פּונקט אַזאַ געקרענקטער נאַציאָנאַליזם איז אַנטשטאַנען ביי אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן געליטן — ביי דייטשן, איטאַליענער — אין דער פאָרם פון פאַשיזם.

און אָט איז געקומען אין לאַנד אַ יוגנט מיט סאָציאַליסטישע אידעאַלן. און נאָך מער האָט זיי אפשר געשטאָכן די „הפּועל הצעיר" באַוועגונג, וואָס האָט געטאַדלט די ניט אַרבעטנדיקע מושבה און זי באַשולדיקט אין פּאַראַזיטיזם, ניט פון סאָציאַליסטישן, נאָר גאָר פון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן שטאַנדפּונקט. דווקא ווייל די קאָלאָניע איז געוואָרן פאַרשלאָסן פאַרן יידישן אַרבעטער און פאַרן נייעם עולה, האָט זיך די נייע עליה געזעלשאַפטלעך ניט פאַראייניקט מיט דער מושבה. זיי זיינען געבליבן צוויי באַזונדערע אָפּגעטיילטע חלקים. די מושבה־יוגנט האָט זיך דערפאַר געפילט געקרענקט און באַעוולט, געהאַלטן דעם נייעם ישוב פאַר גאָר אַן אַנדער פאָלק. זייער אַרבעט, זייער עברית האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ „גלותיזם". און זיך האָבן זיי געהאַלטן פאַר דער יוגנט וואָס קען געבן אַן אויסוועג — באַנייען דאָס יידישע פאָלק.

ווען עס איז אויפגעשטאַנען דער „השומר", ווען אַ טייל אַרבעטער זיינען אַוועק צום געווער, ווען אַרבעטער זיינען אַלס אַראַבער־פריינט און אַראַבער־קענער געקומען צו דער הגנה — האָבן זיי מיטגעריסן אויך אַ טייל מושבה־קינדער, כאָטש זיי האָבן צו אַרבעט קיין שייכות ניט געהאַט. דער טייל אָבער, וואָס איז געבליבן אין דער מושבה איז געוואָרן אַ יסוד פאַר אַ באַוועגונג, אַ פאַראַלעלער און קאָנקורירנדער מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. צו זיי זיינען צו־

געקומען אויך אַ טייל קינדער פון די שטאָטישע איינוווינער, וועלכע זיינען ניט געקומען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז געווען אַ קליינע באַוועגונג אָבער אַ מער וואַגיקע ווי איר צאָל איז געווען, ווייל דאָס זיינען געווען קינדער גע־בוירענע אין לאַנד. זיי האָבן געבילדעט אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איר שפּעטערדי־קער נאָמען איז געווען „נילי" (נצח ישראל לא ישקר).

די „נילי" האָט געגרינדעט אַ זון פון קאָלאָניסט פון „זכרון יעקב" אַראָנ־סאָן — זייער אַ פּעיקער מענטש, אַ נאַטירלעכעס קינד פון א״י און אַ כאַראַק־טעריסטישער טיפּ פון אַ מושבה־קינד. ער האָט געקענט גוט דאָס לאַנד, דעם פערד, דעם אַראַבער. ער איז געוואָרן אַן אַגראָנאָם און האָט אַנטדעקט פיל זאַכן אין דער באָטאַניק, ווי למשל דאָס אַלטע נאַטירלעכע מוטער־ווייץ. ער האָט גע־האַט אַ זעלבסטבאַוווסטזיין — אַ יידישן, נאַציאָנאַלן און דאָרפישן. ער האָט געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף די סאָציאַליסטן, אויף די „שמענדריקעס", וואָס זיינען געקומען אַרבעטן. ער האָט גוט געקענט די אַראַבער, אָבער געהאַט צו זיי אַ באַציונג פון אַ „כאַוואַדזשאַ" (הער). ער איז געווען געקרענקט פון אונ־דזער באַוועגונג ווייל ער האָט געוואָלט באַנייען און ווייל ער איז געווען אַ זון פון אַן אַנדער קלאַס — אַ קלאַס, וועמען די צוקונפט געהערט ניט, אָבער ער הערשט נאָך. אַ קלאַס, וועלכער איז געווען אַ ווידערשפּרוך צום נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט פון די יידן. אַזאַ מענטש, אַזאַ מיטגליד פון אַזאַ קלאַס איז גע־שטאַנען אין קעגנזאַץ צו יידישע אַרבעטער און יידישער אַרבעט, ווייל זי איז טייער, ווייל זי איז אינטעליגענט, ווייל זי איז שטאָלץ, און ער האָט צו אונדז געהאַט אַ פאַראַכטונג.

אַראָנסאָן האָט געזען די צעפוילטקייט פון דער טערקישער מדינה און האָט פאַרגעלייגט זיין דינסט דער ענגלישער רעגירונג — דורך שפּיאָנאַזש. און דאָס איז געווען די „נילי" — אַן אָרגאַניזאַציע פון שפּיאָנאַזש פאַרן ענגלישן מיליטער. אויך די באַוועגונג — וואָס איז געווען און געמוזט זיין אַ גרופּע פון דרייסטע מענטשן — האָט זיך געענדיקט טראַגיש ווי אַנדערע אַזעלכע אַוואַנ־טוריסטישע באַוועגונגען, אין וועלכע דער מענטש שטעלט איין זיין לעבן און גייט אַריין אין פאַרוויקלטע באַציונגען. זיי זיינען אויך אַריין אין פאַרוויקלטע באַציונגען מיטן „השומר". אויך מיר האָבן געזען די צעפוילטקייט פון דער טערקישער אַרמיי און האָבן געשלעפּט דורך דער גרענעץ געווער. זיי — שפּיאָ־נאַזש־ידיעות. מיר האָבן געשטרעבט צו קעמפן פאַר אונדזער באַפרייונג מיט געווער, זיי — דורך דינסט ביי די ענגלענדער.

דער זיץ־ארט פון דער „נילי" איז געווען די אגראַרישע פּרווו־סטאַציע פון אַראַנסאָן ביי עתלית. ווויהין ס'פּלעגט קומען פון מאָל צו מאָל ביינאַכט אַן ענגליש אונטערוואַסערשיפל און נעמען ידיעות וועגן טערקישן מיליטער אין לאַנד. אַראַנסאָנס שוועסטער שרה — איז געווען זייער אַ דרייסטער מענטש. זי האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט גרויסע טערקישע מיליטער־פירער און אַרויס־באַקומען פון זיי ידיעות פאַר די ענגלענדער. אין דער גרופּע האָט אויך געאַר־בעט יוסף לישאַנסקי — געוועזענער קאַנדידאַט פון „השומר".

מיליטער קען אויך האָבן שפּיאָנאַזש־אָפּטיילונגען, אָבער דורך שפּיאָנאַזש אַליין קען מען דען אויסקעמפן אַ יידישע מדינה?! אויך די איבעריקע טיילן פון ישוב זיינען געווען קעגן דעם — טייל פון שרעק, טייל דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געהאַלטן פון אַזעלכע וועגן אָדער צוליב אַנדערע סיבות. ווען די „נילי" האָט אין מלחמה־צייט, ווען דער ישוב האָט זיך געפינען אין אַ שווערער לאַגע, פאַרגעלייגט אים מאַטעריעלע הילף — האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט לעבן פון שפּיאָנאַזש, פּונקט ווי ער האָט ניט געוואָלט קריגן קיין מדי־נה דורך שפּיאָנאַזש.

די גרופּע האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער טערקישער אַרמיי לטובת דער ענגלישער, ביז מ'האָט זיך דערוווסט וועגן דעם. מ'האָט אַרומגערינגלט זכרון־ יעקב, אַרעסטירט פיל מענטשן און אויך שרה אַראַנסאָן. מ'האָט זי שטאַרק געפּייניקט, אָבער זי האָט די חברים ניט אויסגעגעבן. נאָך לאַנגן שלאָגן האָט זי געבעטן מען זאָל איר אויף אַ מינוט לאָזן אַרויסגיין אין אַ באַזונדערן צימער זיך איבערטאָן, און דאָרט האָט זי זיך געטויט. זי איז געוואָרן די העלדין פון „נילי", פאַרגעטערט דורך די רעוויזיאָניסטן. זי איז געווען ווירקלעך אַ העל־דישע דערשיינונג פון אידעאַליסטישער אָפּפערונג — כאָטש ניט ריכטיק, און ניט מאָראַליש. יוסף לישאַנסקי, געזוכט דורך דער פּאָליציי, האָט זיך אַרומ־געדרייט. דער „השומר" האָט אים באַהאַלטן. אָבער ווען ער איז אוועק האָט מען — מורא האָבנדיק ער זאָל אַרויסגעבן ניט נאָר די „נילי" נאָר אויך דעם „השומר" און די באַהעלטעניש פון געווער — געפּרוווט אים נאָכשיסן. דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן. לישאַנסקי איז געלאָפן צו די ענגלענדער, נאָר בעדו־אינער האָבן אים אַרויסגעגעבן. מ'האָט אים אָפּגעפירט אין דמשק, ווו ער האָט אַלץ אַרויסגעגעבן. די טערקן, טענהנדיק אַז דער „השומר" איז אַ שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע, האָבן אַרעסטירט און געשלאָגן זייער פיל מענטשן, געפּייניקט

און געפירט קיין דמשק. טראָץ אַלעמען האָט מען יוסף לישאַנסקין אומגע־בראַכט.

מיר האָבן דעם „השומר״ ניט ארויסגעגעבן און קיין געווער ניט אָפּגע־געבן. און איך האָף אַז אויב דאָן האָבן מיר אונדזער געווער ניט אָפּגעגעבן — וועלן מיר שוין קיינמאָל ניט אָפּגעבן. אָבער ס'זיינען געפאַלן קרבנות. איצט ליגן אויפן בית־עולם פון כנרת צענדליקער אומגעקומענע, אומבאַוווּסטע, וועמענס עקרפערס די טערקן האָבן ארויסגעגעבן.

אַראַנסאָן אַליין איז געוואָרן אַ באַוווּסטער מענטש ביי די ענגלענדער. ער האָט טייער באַצאָלט אָבער ער האָט זיי געגעבן פיל ידיעות וועגן טערקישן און דייטשישן מיליטער. ער האָט געפאָדערט פון די ענגלענדער אַ דעקלאַראַציע פון אַ יידישער מדינה און בעת ער איז געפלויגן איינמאָל אין אַן ענגלישן אעראָפּ־לאַן איז ער פון אים „ארויסגעפאַלן״. דער אעראָפּלאַן איז געבליבן גאַנץ און עס איז ביז היינט ניט דערוויזן, וואָס עס איז דאָרט געשען.

## זשאַבאָטינסקי און זיין וועג

מיר האָבן אַלזאָ צום ענדע פון ערשטן וועלט־קריג געהאַט אין די דער־פער און שטעט גרופּן מענטשן, ניט צופרידענע מיט די ניי־געקומענע אַר־בעטער. זייער אָרגאַן איז געווען „דואר היום״, וואָס פלעגט שטענדיק רעדן אין נאָמען פון דעם עלטערן ישוב, שטענדיק געווען פול טענות פאַרוואָס די פרעמ־דע עלעמענטן שטייען בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און זיי — כאָטש ווייניקע, אָבער יחוסדיקע, איינגעוואָרצלטע אין לאַנד — זיינען באַזיי־טיקט פון דער אַרבעט. דאָס זיינען געווען עלעמענטן, וועלכע האָבן מיט אַ שלעכט אויג געקוקט אויף דער אַנטוויקלונג. געוועזענע ראַדיקאַלע מענטשן, נאָס זיינען געוואָרן קאָנסערוואַטיווע און, ניט קענענדיק מיטמאַכן דעם פּראָ־גרעס, געוואָרן זיינע שטאַרקסטע קעגנער. דאָס זיינען געווען קליינבירגערלעכע עלעמענטן.

דער אָפיציעלער בירגערלעכער ציוניזם איז אָבער דאַן געווען פּראָגרעסיוו צו די בויער פון לאַנד. קעגן דעם געקומענעם אַרבעטער־חלוץ איז אויפגעשטאַ־נען דער א״י־דיקער קאַלאָניסט, וואָס האָט געהאַט קלאַסן־קעגנזאַצן מיט די אַרבעטער. ער פלעגט טענהן, אַז די אַרבעטער ברענגען פרעמדע, רוסישע אי־

דייען פון סאָציאַליזם, וואָס זיינען קעגן דער ריינער יידישער נאַציאָנאַלער אי־דיי. דאָס זיינען די זעלבע טענות וואָס עס האָבן געהאַט אַלע נאַציאָנאַליסטי־שע פאַשיסטישע באַוועגונגען אין אַלע לענדער.

זשאַבאָטינסקי איז געקומען פון גלות אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה. פאַר זיינע אידייען האָט ער געפונען אַ שטיץ־פונקט אין די אויבנ־דערמאָנטע קרייזן און איז געוואָרן אַ פירער פון דער באַוועגונג, וועלכע האָט, ווי אַלע ענלעכע באַוועגונגען, געהאַט אַ גרויסן קולט פאַר אַ פירער.

זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ מענטש פון גרויסער רוסישער קולטור און אַ באַדייטנדיקער רוסישער שרייבער. עברית און יידיש האָט ער זיך אויסגע־לערנט צוליב נאַציאָנאַלע אנשויאונגען. אַ מענטש פון לאָגיק, זייער גייסט־רייך, מיט פיל עסטעטישער קולטור. מיט זיין גוטער רוסישער שפּראַך און קונסט אין שרייבן, איז ער געווען אַ ליבלינג פון יונגן רוסישן לעזער. ער האָט געקענט גוט די אייראָפּעישע קולטור, שיין באַהערשט שפּראַכן. ער האָט אי־בערזעצט אויף העברעיש. יידיש האָט ער זייער גוט געקענט. אין רעדן איז ער געווען אַ קינסטלער, יעדע רעדע האָט ער צוגעגרייט פריער, ווי אַן אַרטיסט — אויסגערעכנט אַלע עמאָציאָנעלע מאָמענטן. ער האָט געהאַט אַ גאַנצע טעאָ־ריע ווי אַזוי מען קען ווירקן אויף מאַסן.

צום ציוניזם איז זשאַבאָטינסקי געקומען פון גרויסער קרענקונג פאַרן באַ־לייד יקטן יידישן כבוד, פון ניט געלונגענער אַסימילאַציע. צו יידישקייט איז ער געקומען אַלס נקמה פאַרן אַרויסגעשטויסן זיין פון דעם רוסישן. ער האָט גע־וואָלט זיין נאָר ער אַלס נקמה קעגן דעם, וואָס מען האָט אים ניט געלאָזט זיין ני ט ער. דורכן נאַציאָנאַליזם איז ער געקומען צו יידישקייט. אין געפיל איז דאָס — באַליידיקן זיך, ווירדע; אין אינהאַלט — נאָר שבלדיקער ענטפער אויפן אַנטיסעמיטיזם. זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ קאָנסעקווענטער רוסישער ליבעראַל און ראַדיקאַלער דעמאָקראַט. ער האָט זיך אָפּגערופן אויף ביאַליקס און אחד העמ'ס רוף צו זעלבסטשוץ און אַנטיילגענומען אין איר. ער האָט ניט געשטאַמט פון אַ רייכער משפחה, אָבער זיך געהאַלטן פאַר אַן אַריסטאָקראַט. ניט פאַר קיין געוויינלעכן מענטשן. ער איז געווען טיף פרעמד דער סאָציאַ־ליסטישער אידיי, און זי אָרגאַניש גאָרניט געקענט פאַרשטיין, האַלטנדיק אַז דער גאַנצער ווערט פון מענטשן איז ער זאָל קריגן דעם מערוועדט — ער זאָל זיך אויסצייכענען און דערהויבן איבער אַנדערע. גלייכהייט האָט ער פאַרשטאַ־נען נאָר צווישן פעלקער.

אזוי איז זשאבאטינסקי בעתן אויפשטייג פון רוסישן סאָציאַליזם געקומען פון אסימילאַציע צום ציוניזם און איז געוואָרן אַ ריינער נאַציאָנאַליסט. דאָס שטאַרקע אין אים איז געווען דער געפיל פון יידישער עוולה און אומגליק און, מער פון אַלץ — פון יידישן כבוד. ער איז געווען אַ ראַדיקאַלער ציוניסט, שטאַרק באַליבט צווישן די רוסישע ציוניסטן. ער איז געוואָרן אַ מיטרעדאַקטאָר אין זייער אָרגאַן „ראַזסוויעט" און שוין דאָרט געפירט אַ קאַמף פאַר העברעיש, פאַר אַ העברעישן שול־וועזן אין גלות. אין דער לייכטקייט פון לאַגישן גיין מיטן עברית קעגן יידיש איז אויך געווען אַ פּרעמדקייט צו די קאָנקרעטע יידישע מאַסן. זשאַבאָטינסקי איז אויך געווען פאַר בייטן דעם העברעישן אלף־בית אויפן לאַטייניִשן, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין סענטימענטן צום העברעישן אלף־בית. דאָס וועלן לאַטייניִשע אותיות איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אבסטראַקטקייט פון זיין נאַציאָנאַליזם.

די רעוויזיאָניסטישע אידיי זאָגט, אַז מיר דאַרפן זיין די פּאַרטרעטער פון אייראָפּע אין אזיע, מיר דאַרפן גיין צוזאַמען מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם. דער געדאַנק פון זשאַבאָטינסקין איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די באַפרייאונג פון יידישן פאָלק קען קומען נאָר דורך אַ מדינה און נאָר אַ מדינה איז דער אָנ־האַלט און יסוד פאַר דער פרייהייט פון אַ פאָלק. זשאַבאָטינסקי האָט ניט אָנ־געהויבן פון קעגנערשאַפט צו די אַרבעטער, אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז די סאָציאַלע אומגלייכהייט איז אַ זאַך פון דער נאַטור. די געזעלשאַפט האָט ער זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ דעמאָקראַטיש־אַריסטאָקראַטישע. די מדינה דאַרף געבן דעם מינימום אַלעמען, אָבער די פעיקע און קלוגע, די וואָס רוקן זיך אַרויס און דערגרייכן עפּעס, דאַרפן קריגן אַ באַלוינונג. די אומגלייכהייט איז אַן אומ־פאַרמיידלעכער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג.

אין דער מלחמה־צייט האָט זשאַבאָטינסקי פאַרלוירן דעם גלויבן אין פריד־לעכער אַנטוויקלונג און איז געקומען צום מיליטאַריזם — צום געדאַנק, אַז די מדינה קען מען לייכט ניט קריגן, אַז מען מוז זי נעמען מיט גוואַלט און דווקא מיט מיליטערישן כוח. קעגן אַ קאָלאָניזאַטאָרישער באַוועגונג האָט ער אַרויס־געשטעלט אַ ריין פּאָליטישע באַוועגונג און מיליטערישן כוח. דערפאַר איז ער געווען אומצופרידן פון דער ריכטונג אין ציוניזם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער מיטאַרבעט פון אַרבעטער־קאָלאָניזאַטאָרן און פּאָליטישן ציוניזם. זיין אומצופרידנקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין ניט צופרידן זיין מיט די פירער, וואָס פירן ניט גוט. ער האָט געלייגט די גאַנצע שולד פאַרן ניט אויספירן די

באַלפור־דעקלאַראַציע, פאַר די ניט ראַדיקאַלע שריט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג — אויף ווייצמאַנען, קעמפנדיק ניט קעגן ענגלאַנד, נאָר קעגן אַזעלכע אונטערהאַנדלונגען מיט איר. ער האָט געבויט אויף יעדער פאַרנאַכלעסיקונג פון פּאָליטישע שריט פון דער ציוניסטישער אָנפירונג.

די קאָלאָניזאַציע האָט ער געהאַלטן פאַר אַ שטערונג צום פּאָליטישן קאַמף. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דער סאָלדאַט איז אַלץ, אַז דורך אים קען מען אַלץ דערגרייכן. זשאַבאָטינסקי האָט געהאַלטן, אַז די אַרבעטער ווערן דורך די קאָלאָניזאַציע־געלטער אונטערגעקויפט און דורך זייער העגעמאָניע האַלטן זיי אונטער ווייצמאַנען מיט זיין פּאָליטיק. פון דאַן איז פאַר די רעוויזיאָניסטן אומוואָרפן ווייצמאַנען געוואָרן אַזוי וויכטיק, ווי קריגן אַ יידישע מדינה. די קריטיק האָבן זיי געפירט אויפן זעלבן אופן, ווי די פאַשיסטן אין דייטשלאַנד און איטאַליע. זיי האָבן געזאָגט, אַז ווייצמאַנען וועט מען ניט אַראָפוואַרפן כל זמן די אַרבעטער האָבן די העגעמאָניע, דערפאַר מוז מען באַגרענעצן זייערע רעכט. און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שנאה צו די אַרבעטער, וואָס „זיינען סאָציאַליסטן און ניט קיין נאַציאָנאַליסטן". זיי האָבן געוואָלט רעווידירן דעם ציוניזם און האָבן זיך איבערצייגט, אַז די אַרבעטער, וואָס האָבן אויך אַ קאַמפּס־וועג, וועלן מיט זיי ניט מיטגיין.

אָבער דאָך זיינען רעוויזיאָניסטן אַ לאַנגע צייט געווען אין דער הסתדרות. נאָך אין יאָר 1920, ווען זשאַבאָטינסקי איז נאָך קיין רעוויזיאָניסט ניט געווען, האָבן מיר זיך מיט אים צוזאַמענגעטראָפן אין הגנה, אין דעמאַסקירן ענגלישע פאַלשקייט, אָבער מיר האָבן שוין דאַן געהאַט פאַרשידענע וועגן. זשאַבאָטינסקי איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער זעלבסטשוץ בעתן פּאָגראָם אין 1920 אין ירושלים, פאַרוואָס ער איז געוואָרן אַרעסטירט מיט נאָך 21 יונגעלייט (כאַראַקטעריסטיש איז, אַז זיי זענען כמעט אַלע געווען חברים פון דער „אחדות עבודה"). ווען עס זיינען שפּעטער פאַרגעקומען אין ישוב וואַלן צום ועד הצירים, האָבן אַלע פּאַרטייען זשאַבאָטינסקין אַרויסגעשטעלט אויפן ערשטן אָרט אין זייערע ליסטעס און ער איז איינשטימיק אויסגעקליבן געוואָרן בעת ער איז נאָך געזעסן אין דער עכווער תפיסה.

ביסלעכווייז האָט זיך זשאַבאָטינסקי איבערצייגט, אַז כאָטש ער האָט געוויסע פראַגן געמיינזאַמע מיט די אַרבעטער, וועלן זיי מיט זיין ליניע פון קאַמף ניט גיין. זשאַבאָטינסקי איז געוואָרן אַ פירער פון אַ באַוועגונג, וועלכע האָט פאַרטראָטן די שיכטן פון פאָלק, וואָס האָבן מער פון אַלץ געדאַרפט

די מדינה. דאָס איז די גרויסע גרופּע פון אינטעליגענץ, פון קליינבירגערטום, וואָס בלייבט אַרבעטסלאָז און נויטיקט זיך אין דעם אַפּאַראַט פון אַ מדינה און מיליטער. דאָס זיינען די שיכטן, וואָס זיינען אַריסטאָקראַטיש און ווערן פּראָלעטאַריזירט, זיינען באַזיצלאָז — און שטרעבן צו אַ באַזיץ. דאָס זיינען די, וואָס זעען די פּראָלעטאַריזירונג ווי אַן אומגליק ניט ווי אַן אויפשטייג. זשאַבאָטינסקי האָט די מענטשן געגעבן אַ לייכטע האָפנונג און אַ לייכטן וועג: ניט קיין פּערזענלעכע איבערדערציונג פון יעדן איינעם — נאָר נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, שטרעבונגען זיך אויסצוצייכענען; ניט גרינגשעצן די גלות־פּרנסות, אַלנפאַלס ניט שעצן די פיזישע אַרבעט מער פון זיי. דאָס האָט זיך נאָך דער מלחמה פאַרייניקט מיטן פּחד פאַרן באָלשעוויזם, פאַר דער רוסישער רעוואָלו־ציע און מיט דער גרויסער אַנטוישונג פון דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ פון רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע. דאָס איז געווען אַ וועג, אַ באַוועגונג, וואָס פאָדערט ניט קיין גרויסן קרבן פון מענטשן, וואָס פאַרייניקט דעם מענטשן מיטן גרויסן קולט פון פירערטום. פון ליבעראַליזם און דעמאָקראַטיע איז ביי אים געבליבן זייער ווייניק. דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט ביליק. דער מענטש קויפט זיך כבוד דורך אָפּפערן זיין לעבן. עס איז אַ גאַנץ אַנדערע טאַבעלע פון ווערטן: ניט די הייליקייט פון לעבן, ניט דער געפיל פון גלייכהייט פון מענטשן, ניט די סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און מאָראַלישע באַדייטונג פון דער אַרבעט — נאָר קאָנקורענץ און שטרעבן אויסצוצייכענען זיך; ניט אינטער־נאַציאָנאַליזם — נאָר אויסדערוויילטקייט פון דער נאַציע, פאַראַכטונג צום פּלעבעי. דאָס זאָגן די מאַסן: אייער ווערט איז דאָס נאָכגיין דעם פירער; דע־מאַגאָגיע אַנשטאָט דעמאָקראַטיע; פאַר דער עקזיסטענץ פון קלאַסן — אָבער קעגן קלאַסן־קאַמף; רעגולירן די קלאַסן־קעגנזאַצן דורך דעם פירער און דורך דער מדינה; די מיטאַרבעט פון אַלע קלאַסן און די מדינה איבער אַלע קלאַסן; די נאַציע העכער ווי אַלץ, — אויף דעם איז געבויט דער גאַנצער פאַשיסטישער סיסטעם.

די פאַשיסטישע באַוועגונגען אין אַלע לענדער זעען ניט דאָס פאָלק אַליין, נאָר זיך — אַלס פאַרטרעטער פון פאָלק, דעם פירער — אַנשטאָט דעם פאָלק. דאָס איז אַ מאַסן־רעאַקציע, וואָס בויט אויף פאַרשיכורן און דעראָבערן מאַסן, אויף דער אָפּטימונג, אויף היפּנאָטיזירן מאַסן. זי איז ניט מאָנאַר־כיסטיש, בויט ניט אויף רעכטלאָזיקייט פון די מאַסן, נאָר ברענגט זיי צו דעם זיי זאָלן קלייבן אַ פירער. זי פאַרוואַנדלט קלאַסן־קעגנזאַצן אין קלאַסן־

קנאה, זי דערוועקט .די שנאה צום רייכן און בויט אויף איר. זי בויט אויף אויפשטעלן די ארבעטער קעגן די אינטעליגענץ און די אינטעליגענץ — קעגן פּאַרלאַמענטן און קעגן רעכט פון שטרייקן. דערווייל אָבער בלייבט דער קאַפּיטאַל פּריוואַט און דער רווח — קאַפּיטאַליסטיש. זיי פירן אַ קאָנסעקווענטן קאַמף קעגן סאָציאַליזם, קעגן סאָציאַליסטישע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס מיט דער הילף פון די ארבעטער. דעריבער שאַפן זיי אַן אייגענעם שטרייק־ברעכערישן נאַציאָנאַלן ארבעטער־פּאַריין, וועלכער בויט אויפן הסכם מיטן אונטערנעמער, מיט אַן אַנטשיידונג פון אַ נאַציאָנאַלער פּאַרטרעטערשאַפט פון דער מדינה, וואָס זיי האַלטן פאַר נייטראַל. אַלץ איז מיליטערמעסיק, איין שול, איין דערציִונג, איין קולטור און איין אידעאַל.

דער ציוניזם איז די דעמאָקראַטישסטע אָרגאַניזאַציע אין יידישן פאָלק. ער וועט ניט גיין אין פאַשיסטישן וועג און גיט אַפילו ניט קיין באַווייזן, אַז די רעוויזיאָניסטן קענען אַמאָל קריגן אַ מערהייט. פאַרקערט, וואָס גרעסערע שיכטן פון פאָלק דער ציוניזם נעמט אַרום — קריגט דער ארבעטער־טייל אין דער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע אַלץ מער קראַפט. זיין קראַפט ליגט אין דעם, וואָס עליה און קאָלאָניזאַציע־ארבעט איז ביי אים דער עיקר. א״י איז אויך געוואָרן אַ גייסטיקער צענטער, אַדאַנק דעם מענטשלעכן ווערט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין לאַנד. דאָס אַלץ איז געווען ווערטלאָז ביים רעוויזיאָניזם. ער שטרעבט נאָר צו געאָגראַפישע ענדערונגען און ניט קיין עקאָנאָמישע און מענטשלעכע, ניט צו איבעראַנדערשונג פון מענטש.

אין זיין אינהאַלט און כאַראַקטער איז דער רעוויזיאָניזם געוואָרן אַלץ מער און מער פאַשיסטיש. די מעטאָדן פון אַרבעט זענען איבערגענומען געוואָרן פון פאַשיסטן: יעדער וואָס קלערט אַנדערש ווי זיי, איז ביי זיי אַ פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער פאַררעטער. מען נעמט העצן קעגן פּאָליטישע פירער, ווי קעגן פאַררעטער. זשאַבאָטינסקי האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ גרויסע גרופּע מענטשן. דער רעוויזיאָניזם ציט אויך צו — ווי יעדע אָפּאָזיציע — אַ סך באַוווּסטע, וואָס האָבן אַ שנאה צום דעמאָקראַטישן ציוניזם, צום מענטש, צום אַרבעטער, צו דער קאָמונע. די רעוויזיאָניסטן רופן צו פּאָליטישער מאַכט־אַנטשיידונג, פּאַגראָמירן ארבעטער־קלובן, פאַלן אָן אויף ארבעטער־דעמאָנסטראַציעס, רייסן אַראָפּ רויטע פענער. זיי האָבן געשריבן וועגן אַרלאָזאָראָוון ווי וועגן אַ פאָלקס־פאַררעטער, און כאָטש דאָס געריכט האָט ניט געהאַט גענוג באַווייזן, אַז די רעוויזיאָניסטן האָבן דערמאָרדעט אַרלאָזאָראָוון — האָבן זיי אים

פּאָליטיש פּאַראורטיילט צום טויט, פּאָליטיש דערמאָרדעט. די פּאָליטישע מאָרדן זיינען אַ מיטל פון פאַשיזם, אַ מיטל פון דער בורזשואַזיע אין קאַמף קעגן די סאָציאַליסטן און אַן אויסדרוק פון זייער מורא פאַרן ראַטן־פאַרבאַנד.

ביי אַזעלכע פאַרשאַרפטע באַציונגען האָבן די רעוויזיאָניסטן פאַרלאָזן אין 1933 דעם ציוניסטישן קאָנגרעס (נאָך פריער די הסתדרות) און געגרינדעט די „נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע". אַ טייל פון די רעוויזיאָניסטן (בראש מיט גראָסמאַנען) זיינען פאַרבליבן אין קאָנגרעס אונטערן נאָמען „יידנשטאַט־פּאַרטיי". זייטן אַרויסטרעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט דער רעוויזיאָניסטישער קאַמף אָנגענומען אַן אָפענעם פאַשיסטישן כאַראַקטער.

דער קאַמף מיטן רעוויזיאָניזם הויבט זיך אָן זייער פרי. שוין אין 1921, ווען זשאַבאָטינסקי איז נאָך אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, וואָרנט ער אונדז פאַר באָלשעוויזם. אַלס ענטפער טרעט דאַן ברענער אַרויס מיט אַן אַרטיקל קעגן אים, און זיין וועלט־אַנשויאונג. אין 1925 איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון די רעוויזיאָניסטן אין פּאַריז. ווו זיי האָבן געשאַפן זייער פּראָגראַם. צווישן אַנדערן האַלטן זיי, אַז די אַרבעטער באַוועגונג אין לאַנד איז באַנקראָטירט און מען דאַרף לאָזן פרייער אַנטוויקלען די פּריוואַטע איניציאַטיוו. בלויז זי איז שעפעריש, בלויז איר שאַפונג האָט אַ ווערט. קבוצות — זאָגט גראָסמאַן — זיינען פּרוכטלאָז, זיי זיינען אַ צו טייערער פּרווו פאַרן ציוניזם. תל־אביב איז אונדזער איינציקער גרויסער אויפטו. מען טאָר ניט געבן קיין הונדערט־פּראָצענטיקע אונטערשטיצונג די, וואָס האָבן ניט קיין קאַפּיטאַל, מען טאָר זיי גאָרניט לאָזן זיך קאָלאָניזירן. קבוצות קען מען באַנוצן העכסטנס צו איינגעמען שווערע ערטער. און בכלל איז דאָס יידישע פאָלק ניט קיין פאָלק פון אַרבעטער, נאָר פון קליינבירגער.

דער רעוויזיאָניזם האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט אַ סך מענטשן, וואָס האָבן צו טאָן מיט פירערשאַפט, — אומגעלונגענע פירער, אָדער קאַנדידאַטן אויף פירערשאַפט. אויף דער פירער־טעאָריע, אַז דער יסוד פון אַ געזעלשאַפט איז אַ פירער־שיכט, וואָס באַשטייט פון איין פירער מיט אַ סך, וואָס ווילן ווערן פירער, — שטיצט זיך די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג, ווי יעדע באַוועגונג פון דעם מין.

אבא אחי־מאיר — אַ פאַנאַטישער שונא פון באָלשעוויזם און סאָציאַליזם, פּונקט ווי פון ליבעראַליזם, האָט לאַנגע יאָרן פאַרטיידיקט דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַשיזם. זשאַבאָטינסקי האָט, ווי אַלע פאַשיסטישע פירער צוגעצויגן צו זיך פיל יוגנט. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו יוגנט, געוווסט ווי זי צוצוציען און געבויט אויף איר.

ווען פון „השומר" איז ארויסגעוואקסן דער „ארגון הגנה" האט זיך פון אים אפגעשפאלטן א טייל פון פראפעסיאנעלע קעמפער אונטערן נאמען „ארגון ב'", צו וועלכע ס'האבן זיך פאריייניקט רעוויזיאניסטישע יוגנטלעכע און געשאפן דעם „ארגון צבאי לאומי" — וועלכער שפעטער זיינען כוחות פון דער בית"ר־יוגנט. דער בית"ר איז א גרויסע באוועגונג, וואס שטרעבט צו ווערן א מאסן־ארגא־ניזאציע; א באוועגונג פון סקויטיזם, וואס דערפירט ביז מיליטאריזם. דער אצ"ל איז געווארן אן אומאפהענגיקע פון רעוויזיאניזם. ארגאניזאציע, וואס האט אבער אלס איר רעזערוו דעם בית"ר. א באזונדער אפגעשפאלטענע ארגאניזאציע איז לח"י (לוחמי חרות ישראל), וועלכע מען רופט אויך שטערניסטן, אויפן נאמען פון איינעם פון זייערע פירערס. זיי זיינען איצט ניט קיין רעוויזיאניסטן זיי האבן זיך פון רעוויזיאניזם אפגעטיילט נאך א גרויסן קאנפליקט, וועלכער האט דערפירט צו גרויסע אונטערשיידן מיט אים.

## ד ע ר פ א ש י ז ם

דער רעוויזיאניזם איז א פאשיסטישע דערשיינונג. ער האט דורכגעמאכט דעם זעלבן וועג, ווי אלע פאשיסטישע ארגאניזאציעס. דער פאשיזם איז א דער־שיינונג, וואס האט באקומען זיין ספעציעלן אויסדרוק נאך דעם ערשטן וועלט־קריג. דער פאשיזם האט אויפגערודערט די גאנצע וועלט, ווייל ער האט זיך פארמאסטן אויף דער גאנצער וועלט, פארמאסטן זיך צו הערשן איבער דער וועלט און איבער דער מענטשלעכער געשיכטע.

דער מענטשלעכער געדאנק האט וועלכע עס איז באציונג צום פאשיזם — א נעגאטיווע אדער פאזיטיווע. ס'האט זיך געדאכט אז איצט, נאך דער וועלט־מלחמה, איז שוין דער פאשיזם אינגאנצן געפאלן, מען דארף שוין ניט קיין אנטי־פאשיזם. אמת, דער פאשיזם האט טאקע באקומען זיין גרעסטע מפלה, אבער ער איז נאך ניט אויסגעגאנגען. אזא דערשיינונג ווערט ניט געבוירן אין איין מינוט און שטארבט ניט אין איין מינוט. דער פאשיזם האט געשאפן א פאשיסטישן מענטש, ער האט ארומגענומען מיליאנען, געהאט א כוח איבער מיליאנען, בא־ווירקט מיליאנען און באוויגן מיליאנען און ס'איז געבליבן אויך איצט ד ע ר פאשיסטישער טיפ־מענטש. ס'איז מאדנע צו זאגן, אז ס'איז דא א יידישער פאשיזם און דאך זאג איך, אז ער איז דא. מיר שטייען מיט אונדזער ארבעט אין אלגעמיינעם קאמף קעגן אים. דער פאשיזם האט זיך פארמאסטן איינצו־

האַלטן די אַנטוויקלונג אויף פיל יאָרן, איינצוהאַלטן די געשיכטע ווי זי גייט אין די לעצטע צענדליקער יאָרן און זי ווענדן אין אַן אַנדער ריכטונג.

דער ליבעראַליזם פון אַלע לענדער מיינט, אַז עס איז דאָ געמיינזאַמעס צווישן דער איינשטעלונג פון די מענטשן, וואָס האָבן געשאַפן דעם פאַשיזם און דעם באָלשעוויזם. און אַ געוויסער צוזאַמענהאַנג איז דאָ, אָבער ניט אין נשמה און אידיי פון די מענטשן, ניט גייסטיק. עס איז דאָ אַ צוזאַמענהאַנג, אָבער ניט קיין פאַרוואַנדשאַפט. דער פאַשיזם האָט געקראָגן זיין גרויסקייט און מאַכט נ אָ ך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אַלס ע נ ט פ ע ר אויף איר, אַלס רעאַקציאָנערע באַוועגונג, וואָס וויל איינהאַלטן די אַנטוויקלונג און ברענגען צו די פריערדיקע פאָרמען פון אַנטוויקלונג. צווישן די רעאַקציאָנערע באַוועגונגען איז דער פאַשיזם גאָר אַ באַזונדער באַוועגונג — ער שטרעבט גאָרניט צוריק־שטעלן אַ קיסר. דער פאַשיזם איז אַ קינד פון דער צייט — פון נאָך דער באָל־שעוויסטישער רעוואָלוציע. עס איז אַ פאָרם, וואָס די רעאַקציע האָט געשאַפן נאָך דעם, ווי עס איז געשאַפן געוואָרן אין רוסלאַנד דער סאָוועטן־פאַרבאַנד.

עס איז דאָך אומדענקבאַר, אַז מיליאָנען פאַרשיידענע מענטשן — ליבע־ראַלע, רעליגיעזע, דעמאָקראַטישע באַוועגונגען וואָלטן זיך געקענט שטעלן און גיין נאָך אַזאַ פירער, וואָס איז אַזוי ווייט פון זיי, אָן דער סטראַשידלע פון באָל־שעוויזם. דער דייטשער און איטאַליענישער פאַשיזם וואָלט גאָרנישט געקענט אַרומנעמען אַזויפיל ליבעראַלע, רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס און פאָרמען פון צי־וויליזאַציע און קולטור — אָן אָרגאַניזירן די שרעק פאַרן באָלשעוויזם. עס זיינען דאָך פאַר דעם געווען אין אייראָפּע געזעצן, כאָטש קאַפּיטאַליסטישע, פאַלשע פרייהייט — אָבער דאָך איז געווען אַ פאָרם, וואָס האָט געהאַט אַ מאָראַלישע באַדייטונג. דער פאַשיזם האָט געבראַכט אַן אומגעזעצלעכקייט — אַ געזעץ איז קיין געזעץ ניט, אַ וואָרט איז קיין וואָרט ניט און אַן אָפּמאַך איז קיין אָפּמאַך ניט . די רעליגיע, איר הייליקייט, די גאָטגעזאַלבטקייט פון קייסער — אַלץ איז פאַרלוירן געגאַנגען, אַלץ האָט דער פאַשיזם גענומען מיטן שרעק־געשפּענסט פון „כאם", וואָס גייט אויף אַלעמען און וויל אַלץ פאַרניכטן. דערמיט האָט מען אַלעמאָל געשראָקן, דערמיט האָט אַלעמאָל די רעאַקציע צוגעצויגן מאַסן, וועמענס אינטערעסן זי דריקט ניט אויס. די רעאַקציע באַוועגט מאַסן, באַהערשט מאַסן, האַלט איין איר הערשאַפט מיט אַלע מיטלען. מען האָט שוין לאַנג געשראָקן מיט דעם סאָציאַליזם, אָבער ס'האָט זיך אויסגעדריקט מיטן פאַרבאָטן די קאָמוניסטישע אָדער סאָציאַליסטישע פאַרטיי. מען האָט אומגעבראַכט די גאַנצע דעמאָקראַטיע, וואָס איז דעראָבערט געוואָרן במשך פון ד לעצטע הונדערטפופציק יאָר און

מער. און געמאַכט האָט מען דאָס מיטן גרעסטן קאָנצענטרירטן כוח פון פאַשיזם.

דאָס, וואָס איז אַמאָל געווען נאָר אַ פאַנטאַזיע, אַ טרוים פאַר די אַרבעטער־סאָציאַליסטן, האָט איצט אָנגענומען אַ פאָרם פון אַ רויטער אַרמיי. אַ זעקסטל טייל פון דער וועלט איז באַהערשט דורך קאָמוניזם, וועלכער האָט פעדים אין אַלע לענדער און זיי קענען דאָס זעלבע מאַכן ביי זיך. אַ חוץ דעם איז דאָך רוסלאַנד געווען אַזאַ טייל פון דער וועלט, וועלכע דער אויסלענדישער קאַפּיטאַליזם האָט עקספּלאָאַטירט און אויסגענוצט אירע רייכטימער ווי אַ קאָלאָניע. איז דאָך דאָס אַ געפאַר פאַר אַלע קאָלאָניאַלע אימפּעריעס. ביי דער מפּלה פון צאַרישן רוסלאַנד אין פאָריקן וועלט־קריג איז אויפגעשטאַנען דער קאָמוניזם, אייגנגעשטעלט אָרדנונג אין לאַנד און באַדראָט איצט די וועלט. דאָס איז אַ רעאַלער פּחד פאַר אַ רעאַלן כוח, פאַר דער רעוואָלוציע, וואָס איז געוואָרן אַ ממשותדיקע זאַך. דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך געפילט שטאַרק אַזוי לאַנג, ווי ער האָט געהערשט אומעטום. ער האָט אָבער דערפירט צו אַזעלכע גרויסע קריזיסן, אַז יעדע מלחמה ווערט אַ וועלט־מלחמה, וואָס דערשיטערט די גאַנצע וועלט־אָרדנונג. ס'איז דערגאַנגען צו דעם, אַז ער האָט געמוזט פון ליבעראַליזם אין דער ווירטשאַפט — פון וועג פון פרייער פּריוואַטער אַנטוויקלונג — אַריבערגיין צום מאָנאָפּאָליזם; פון ליבעראַליזם אין פּאָליטיק — צו באַגרענעצן די רעכט פון יחיד. דער קאַפּיטאַליזם האָט דערפילט אַ געפאַר און איז אָנגעקומען נאָך שוץ פון דער מדינה, צום מיליטערישן כוח פון דער מדינה. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף היטן זיין האַנדלס־פרייהייט און באַהערשן קאָלאָניעס — דורכן כוח פון מיליטער. ער איז פון אַנטי־מיליטאַריסטיש געוואָרן מיליטאַריסטיש. אָנהויבנדיק פון אַפּיקורסות, אַטעאיזם, פון אָפּפרעגן די הייליקייט פון רעליגיע — האָבן זיך אַם ענדע באַהאַלטן אונטער דער שוץ פון רעליגיע. די קירך האָט זיי געדאַרפט שטעמפּלען די אייביקייט פון זייער פּריוואַט־אייגנטום. און די רעליגיע האָט אויך שלום געמאַכט מיט דער טעכנישער וויסנשאַפט. דאָס פריער באַקעמפטע יונקערטום אין דייטשלאַנד, די פעאָדאַלע שיכט — איז געוואָרן דערנענטערט צו דער קאַפּיטאַליסטישער שיכט.

דער דייטשער קאַפּיטאַליזם איז געקומען שפּעט. ער האָט פאַרשפּעטיקט אין אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונגען פון דער וועלט. ער איז געקומען צום טיש, ווען דער טיש איז שוין געווען באַזעצט און געפאָדערט אַן אָרט פאַר זיך. איבערהויפּט איז דער דייטשער קאַפּיטאַליזם — סיי דער פּראָגרעסיווער, סיי דער רעאַקציאָנערער — געווען אַ פאַרשפּעטיקטער קאַפּיטאַליזם. די קאָנפליקטן פון מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליזם האָבן געבראַכט צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי איז

געוועזן אַן אויסדרוק פון אוממעגלעכקייט זיך צו באַגיין אָן מלחמות פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. אַם ענדע האָט דאָך געזיגט די העכערע פאָרם פון דער ציוויליזאַציע, עס האָט געזיגט ענגלאַנד און פראַנקרייך קעגן דייטשלאַנד און עסטרייך. אָבער עס איז געווען אַ שווערער זיג און עס איז געבוירן געוואָרן די באָלשעוויסטישע מדינה. דער קאַפּיטאַליזם איז געוואָרן אומזיכער אפילו אין זיינע שטאַרקסטע פּאָזיציעס. דאָס, וואָס דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן פון זיגן און געהאַלטן ביים זיגן — נאָר ערשט צום סוף מלחמה מיט גרויסע אָנשטרענגונגען באַזיגט געוואָרן; דאָס, וואָס עס איז אויפגעשטאַנען דער באָלשעוויזם, וועלכער איז נאָך אַ גרעסערע געפאַר פון קאָנקורירנדיקן דייטשן קאַפּיטאַליזם; און וויל מען איז געוואָרן אומזיכער אויך ביי זיך — האָט מען זיך פאַרלאָזט אויף העכער מדינה און מיליטער, אויף חייבטימער און טעכניק מער ווי אויף דער קולטור־אַנטוויקלונג. עס איז צוגעאיילט געוואָרן דער פּראָצעס פון איבערגיין פון העאַק־ציאָנערן אָדער ליבעראַלן קאַפּיטאַליזם צום פאַשיזם. דאָן איז מען נאָך געווען זיכער, אַז רוסלאַנד איז דאָס אַממערכטן אָפּגעשטאַנען, אַמווייניקסטן קולטורעל, ציוויליזירט, אָרגאַניזירט לאַנד (און מ'האָט זיך איצטער איבערצייגט, אַז ס'איז ניט אַזוי). אָבער וואָלט דער קאַפּיטאַליזם געגלויבט, אַז ער קען אַלץ, וואָלט ער געגלויבט אין זיין זיכערקייט — ווייל אין דער שוואַכקייט פון רוסלאַנד איז ער דאָן זיכער געווען — וואָלט ער ניט אַזוי מורא געהאַט. און צוליב דער געפאַר, אַז ביי אים אין לאַנד זאָל אַזוינס ניט געשען, האָט ער געשטאַרקט זיין מדינה און מיליטער און אָנגעהויבן גלויבן אין אַ מיליטאַריסטישער, פיזישער קראַפט.

די ממשותדיקע רעוואָלוציע האָט געשאַפן אַ באָדן פאַר אַ ממשותדיקער קאָנטער־רעוואָלוציע. מען האָט אויפגעהערט צו זיין לאָיאַל. די אומגעזעצלעכקייט איז געוואָרן דער מיטל פון פאַשיזם. דער פאַשיזם איז אַ פּראָדוקט פון קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. דאָס, וואָס זי האָט ניט געקענט לייזן דורך דער נאָרמאַלער ציוויליזירטער אַנטוויקלונג, האָט ער זיך אונטערגענומען צו טאָן.

דער פאַשיזם האָט זיך געשטיצט אויף די דעקלאַסירטע מאַסן אַרבעטער, פּויערים, אינטעליגענץ — די אַלע, וואָס זיינען אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרד־נונג אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע קלאַסן, וואָס זיינען אַרויסגעשטופּט גע־וואָרן פון דער אָרדנונג און זיינען געוואָרן אַ כוח פאַר אומאָרדנונג. און צווישן זיי — קודם כל — דער צוריקגעקומענער מיליטער־מאַן, דער היימלאָזער און אָר־בעטסלאָזער, וואָס האָט זיך ניט געקענט אַריינפּאַסן אין דער אָרדנונג און רייף געוואָרן פאַר אומאָרדנונג. צוליב דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק און וויסנ־

שאַפֿט בשעתן קריג און ניט־אַנטוויקלונג, ניט־ענדערונג פֿון דער אָרדנונג, צוליב דעם, וואָס די פּראָדוקציע איז ניט אָרגאַניזירט, ווי דאָס וואָלט געטאָן אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג — ווערט די ברכה, די איבערפּראָדוקציע — אויך אַ קללה, וואָס פֿאַרשפּרייט זיך אין אַלע ווינקל־לענדער. דער קאַפּיטאַליזם און עטאַטיזם האָט געבראַכט צו דעקלאַסירונג פֿון גרויסע מאַסן מענטשן. זיי אַלע האָבן געהאָפֿט, אַז דער זיג וועט ברענגען אַ פֿאַרבעסערונג, און געבראַכט האָט ער נאָר אַ פֿאַרערגערונג. די אַלע דעקלאַסירטע זיינען געווען קעגנער פֿון דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג און זיינען געוואָרן אַ גרונט צו שאַפֿן אַ נייע אָרדנונג. די פֿראַגע פֿון די „איבעריקע" האָט געקאָנט לייזן נאָר דער סאָציאַליזם. אָבער דער סאָציאַליזם איז געוואָרן די גרעסטע סטראַשידלע. אָט די אומגליקלעכסטע, די דעקלאַסירטע, די אַרויסגעוואָרפֿענע און אַרויסגעשטופּטע האָבן גענומען זאַמלען אַרום זיך היטלער און מוסאָליני. דאָס שוואַרצע העמדל, די גרויע אָנטועכצן פֿון פּשוטן מענטש און זעלנער; די דעקלאַסירטע אינטעליגענץ, וואָס איז גרייט געווען אויף אַלץ — זיינען געוואָרן דער כוח, אויף וועלכן מען האָט זיך געקענט שטיצן ביים איבערקערן די אָרדנונג. די מענטשן, וואָס האָבן זיך בשעתן קריג צוגעוווינט צו גוואַלט און ניט געקענט זיך קיין אָרט געפֿינען — זיינען געוואָרן אָרגאַניזירט דורך די, וועמען עס האָט באַוועגט די גרויסע שרעק פֿאַרן סאָציאַליזם, וועלכער איז געוואָרן אַן ערנסטע, אַ ממשותדיקע זאַך. און זיי, וואָס זיינען געווען אַנטירעליגיעז — האָט געשטיצט דער קלער; זיי וואָס זיינען געווען אַנטיקאַפּיטאַליסטיש — זיינען געשטיצט געוואָרן דורכן קאַפּיטאַליזם; די כוחות פֿון גרעסטער אומאָרדענונג זיינען געשטיצט געוואָרן דורך דער גרעסטער מאַכט פֿון מיליטערישער קראַפֿט — דורך הינדענבורגן און לודענדאָרפֿן. די מאַכן קאַליקעס, מענטשן אומגעראָטענע און אומגעלונגענע אַלס לערער, אַלס פּראָפֿעסאָרן, אַלס אַרבעטער — זיינען געווען דער מאַטעריאַל פֿון פֿאַשיזם, וועלכער שטיצט זיך און נוצט אויס די גרעסטע מענטשלעכע נויט און אַרבעטסלאָזיקייט.

און דאָן דער ייד. ער איז ניט דער גרעסטער און איינציקער ספּעקולאַנט אָבער ער איז קענטיק אַלס פֿרעמדער; ער פֿאַרנעמט ניט דער איינציקער אַ וווינונג — אָבער ער איז קענטיק אַלס פֿרעמדער. דער ייד איז ניט דער איינציקער און ניט דער באַדייטנדסטער סאָציאַליסט — און ער איז קענטיקער פֿון אַנדערע. אויף אים האָט מען געקענט טייטלען. ביי דער קאַפּיטולאַציע פֿון דייטשלאַנד האָבן געשפּילט די גרעסטע ראָל לודענדאָרף און הינדענבורג. זיי האָבן צוגעאײַלט די קאַפּיטולאַציע — און געטייטלט האָט מען אויף ראַטענאַו דעם ייד, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם פֿרידן, אָרגאַניזירט די עלעקטריפֿיקאַציע אין דייטשלאַנד —

אים האט מען געהרגעט, באשולדיקנדיק אים אין דער מפלה. עס איז גארניט געווען קיין בעסערער כוח צוצוציען מאסן, ווי דער ייד, וועלכער איז א קענטיקער, א פרעמדער און א גוטער מיטל צו פארייניקן מענטשן דורך שנאה. יעדער כאציאלער קאמף איז לייכטער, ווען דער סאציאלער קעגנער איז א פרעמדער. דער שטארקסטער יידישער רעוואלוציאנער איז דער שוואכסטער ארט אין דער רעוואלוציע, ווייל ער איז קענטיק און ער רייסט די אויגן. אויך דאס איז א פאקטאר פון דער יידישער עקס-טעריטאריאליטעט.

דער קלאסישער אויסדרוק פון פאשיזם, דער באגרינדער זיינער, איז געווען מוסאליני. און ער האט ניט אויסגענוצט דעם אנטיסעמיטיזם. דער פאשיזם אין איטאליע איז ניט געווען אנטיסעמיטיש, ווייל דארט זיינען כמעט קיין יידן ניט געווען, זיי זיינען ניט געווען קענטיק. דערפאר האט מען געפרווט זאגן, אז דער פאשיזם מוז ניט זיין אנטיסעמיטיש.

דער פאשיזם איז אויך א באוועגונג פון איינזאמע מענטשן, ווייל די סאציאליסטישע באוועגונג האט ארומגענומען דעם ארבעטער און ניט דעם ארבעטלאזן, דאס איז געווען דער פעלער פון רעפארמיזם; די כאציאל-דעמאקראטיע האט געקוקט מיט שרעק אויף די ארבעטסלאזע עלעמענטן, מורא געהאט פאר זייערע ראדיקאלע געדאנקען און נייגונגען צו ווערן קאמוניסטיש. זי האט מורא געהאט פאר זיי און געלאזן זיי פארן פאשיזם.

דאס זיינען געווען מאסן געקומענע פון קריג, אויסגעהונגערטע נאך א היים, נאך ארבעט, נאך א פרוי און משפחה, מענטשן מיט א גערייצטער עראטיק. און זיי זיינען גרייט געווען צום קאמף, צו אזא קאמף ווי אין רוסלאנד איז פארגעקומען. אבער צו זיי זיינען קיין רעוואלוציאנערן ניט געקומען — נאר דעמאגאגן און ארגאניזירט דעם כוח פארן פאשיזם, מיט א גרויסן שטרעבן צו מאכט, מיט א גלויבן אין כוח. עס איז געשאפן געווארן א טיפ מענטש, וואס האט שוין ניט געגלויבט אין קייסער, אין פאטערלאנד וואס האט אפגענארט, אין דער קירך. מאסן, וואס זיינען גרייט געווען צום קריג.

פאקטארן צום געבורט פון פאשיזם זיינען געווען: די עקזיסטענץ פון יידן און די גרויסע געפאר פון דער סאציאלער רעוואלוציע; די מאסן דעקלאסירטע נויטבאדערפטיקע, און דער רעפארמיזם פון די סאציאל-דעמאקראטן מיט זייער אומגלויבן אין דער רעוואלוציע, מיט זייער פחד פאר איר, און אויך דער אוטאפיסטישער הומאניסטישער פאציפיזם, וואס פארהייליקט כביכול דאס לעבן פון יעדן מענטש, ניט פארשטייענדיק, אז ביי קיין רעוואלוציאנערן קאמף אין דייטש-

לאַנד וואָלט מען ניט פאַרלאָרן אַזויפיל קרבנות, ווי מען האָט פאַרלאָרן ביים אויפשטייענדן פאַשיזם. און ווען ניט די גרויכע בלוט פאַרגיסונג אין רוסלאַנד — וואָלט אפשר דער נאַציזם ניט געוואָרן אַזוי גיך באַזיגט.

אַזוי איז דער פאַשיזם דורך אַלעמען אַרויסגערוקט געוואָרן. און עס איז געווען אַן אוטאָפּיע צו מיינען, אַז דער קאַפּיטאַליזם וועט אויפגעבן פרידלעך זיין פּאָזיציע. עס איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ שטאַרק קאָנצענטרירטער אינטערנאַציאָנאַל ווירקנדיקער, אָרגאַניזירטער כוח פון קאַפּיטאַליזם אויפצושטעלן צוריק אַן אַלטע אָרדנונג און אַ מענטשן פון טויזנטער יאָרן צוריק, אַ מענטשן — אַ הערשער איבערן צווייטן, מיטן סאַמע רויען עגאָיזם, מיט דעם א י ך, אַן וועלכע עס איז ווערטן.

דער נאַציזם איז גאָרניט נאַציאָנאַל, ער קען מקריב זיין און אומברענגען 90 פּראָצענט פון זיין אייגענער נאַציע פאַר דעם קליינעם פירער־שיכט, צוליב זיין פירערשאַפט און מאַכט. ער האַלט ניט הייליק דאָס לעבן, ער האָט ניט קיין ליבע צו אים. ער פאַרהייליקט נאָר דעם טויט. דאָס עסן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַקט פון עסן, די ליבע — אין געשלעכטלעכן אַקט, די נאַציע — אין אַ מיטל צו מאַכט. דאָס לעבן האָט ניט קיין ווערט. מען דאַרף אויסנוצן און האָבן הנאה פון לעבן אין יעדע מינוט, ווייל יעדע מינוט איז די לעצטע. דאָס צוריקקומען צום נאַקעטן מענטש, צו דעם, אַז דער נאַציאָנאַליזם איז אַ זאָאָלאָגישער, אַז דאָס וויכטיקסטע אין דער נאַציע איז ניט איר ראַסן־אינהאַלט, נאָר איר ראַסן־העצע. ניטשע איז געוואָרן זייער אידעאָלאָג — דער אידעאַל פון דער ברוינער ב ע ס ט י ע: אַז וואָס מער דער מענטש איז חיה'ש איז ער בעסער. עס איז ניטאָ קיין פאַרזינדיקונג און ברעכן פון געזעצן, עס איז ניטאָ קיין אמת. וואָס איז דער מענטש? — דער מענטש איז אַ געלונגענע חיה און מער גאָרניט. דער מענטש איז שטאַרק, ווען ער איז קיין מענטש ניט. מיר וועלן באַזיגן די וועלט, די מענטשהייט — האָבן זיי געזאָגט — ווייל מיר זיינען אַממערסטן חיה'ש, ווייל אונדז איז ניט אַזוי טייער דאָס לעבן און אונדזערע זעלנער וועלן גיין אין די ווייטסטע און געפערלעכסטע ערטער. דער ייד, איז דערפאַר דער גרעסטער שונא, ווייל אין אים איז דאָ אַמווייניקסטן חיה'שעס, ווייל אין אים איז דער גייסט דערגאַנגען צום העכסטן אויסדרוק. און ס'איז ווייניק אים צו האַסן — מען מוז אים פאַרניכטן.

ערנסטע קריסטן און ליבעראַלן האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם פאַשיזם, אָבער די ברייטע מאַסן האָבן זיך אים ניט אַנטקעגנגעשטעלט. דער אַרבעטער־קלאַס אַלס זעלבסשטענדיקער קלאַס איז די גרעסטע געפאַר פאַרן פאַשיזם —

דער אַרבעטער אַלס איינצלנער איז אים נויטיק. דער פאַשיזם וויל ניט פאַרניכטן דעם אַרבעטער־קלאַס, נאָר אים פאַרשקלאַפן. דער קאַמף איז הייליק — דער מענטשן־קאַמף, דער ראַסן־קאַמף — אָבער דער קלאַסן־קאַמף איז טריף.

גיט אַ קוק אַ פּראָגראַם: דיסציפּלין, פירער, נאַציאָנאַלע איינהייט, קיין קלאַסן־קאַמף און קיין אַרבעטער־זעלבסשטענדיקייט, טעכנישע קולטור אין איר העכסטער שטופע, אָבער אָן ציוויליזאַציע. די ציוויליזאַציע — אַ קעגנזאַץ צו דער קולטור, דאָס אונטערשעצן אַ מענטשלעך לעבן. אנשטאָט אַלץ און אַלע־מען — די מדינה, די הערשאַפט און דער ווילן צו הערשאַפט. אַן אייביקער קאַמף צווישן מענטשן. דער געדאַנק איז, אַז דער מענטש איז בייז פון זיין נאַטור, אַז די העכסטע דערגרייכונג זיינע איז די באַהערשונג פון מענטשן דורך אַ הערשער־אָרגאַניזאַציע. און ס'איז ניטאָ קיין העכערער אויסדרוק פון הערשן ווי אַ מדינה; און דאָס צוריקגיין צו אַ זאָאָלאָגישער עקזיסטענץ פון מענטש אָדער זיין פּראָוויסגאַנג ווערט רעצידירט דורך דער מאַכט, דורך דער מדינה־הערשאַפט.

דערפאַר איז אַזוי נאָענט פון קאָמוניזם און רעוואָלוציע ביזן פאַשיזם און קאָנטר־רעוואָלוציע, ווייל זיי געפינען זיך אויף איין שלאַכט־פעלד. דער פאַשיזם איז דער פאַרצווייפלטער קאַמף פון קאַפּיטאַליזם פאַר זיין מאַכט — אַ קאַמף מיט אַלע פיזישע מיטלען. און דער פאַשיזם איז מעגלעך, ווייל דער מענטש קען זיין אַ פאַשיסט, ווייל ער וועקט אויף, דערציט און אַנטוויקלט מעגלעכע ביים מענטשן, אינסטינקטן. ער וועקט און דערציט אין מענטשן דאָס פאַרמענטש־לעכע, דאָס זאָאָלאָגישע. ער איז רעאַקציאָנער ניט נאָר פּאָליטיש און סאָציאַל, נאָר אויך ביאָלאָגיש. ער איז אַ גרויסע שעדיקונג און גרויסע געפאַר פאַר מענטשן. ער איז אַ קראַנקהייט פאַר דער מענטשהייט. איך גלויב, אַז דעם פאַשיזם וועט שוין ניט געלונגען צונויפצונעמען אַזאַ כוח, ווי ס'איז געווען דער נאַציזם. אָבער דער שאָדן, וואָס דער פאַשיזם האָט געלאָזן אין די מענטשן, וועט נאָך לאַנג בלייבן, ביז וואַנען מען וועט דערציען אַ נייעם טיפּ מענטש. אין דעם זין איז ער די גרעסטע געפאַר פאַר יעדע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט.

## די סכנה פון רעוויזיאָניזם

סאָציאָלאָגיש איז דער רעוויזיאָניזם אַ פאַשיסטישע באַוועגונג, אָבער ער אונטערשיידעט זיך פון אַנדערע פאַשיסטישע באַוועגונגען — ווי היטלעריזם, מוסאָליניזם. בכלל איז יעדער פאַשיזם אייגנאַרטיק אין יעדן פאָלק. אָבער ס'איז

גאָרניט פּשוט דאָס צו זאָגן. ווייל ס'איז דאָ אַן אונטערשייד צווישן פאַשיזם איידער ער האָט דערגרייכט די מאַכט און נאָך דעם. מ'קען ניט באַשטראָפן אַ פּאָטענציעלן מערדער, ווייל אויב ער האָט אַ פּאָטענציעלע מעגלעכקייט צו מאָרדן — מוז זיך ניט די דאָזיקע מעגלעכקייט פאַרווירקלעכן. פּונקט אַזוי דאַרף מען זיך באַציען צו אַ געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג. דער פאַשיזם איז דער שפּעטער קאַמף פון אונטערגייענדיקן קאַפּיטאַליזם. דאָס איז דער קאָנטר־רע־וואָלוציאָנערער פּנים פון בירגערטום, פון קאַפּיטאַליזם אין זיין קאַמף. דער קאַפּיטאַליזם ווערט פאַשיסטיש אין אָנבליק פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אָבער קען מען דען פאַראורטיילן דעם קאַפּיטאַליזם פאַר דעם, וואָס ער טראָגט פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פון פאַשיזם? דער קאַפּיטאַליזם האָט דאָך פריער געבויט און געקעמפט פאַרן מענטשלעכן גייסט און קעגן דער איבער־געוואַלט. און דאָך איז דער קאַפּיטאַליזם אַ פּאָטענץ פאַרן פאַשיזם. אין דער פאָרם איז ער פאַר אונדז דער גרעסטער שונא, ווייל דאָס איז דער שטרעבן צום צוריקגאַנג דורך געוואַלט.

די אַרבעטער זיינען פּאָטענציעל אַנטי־פאַשיסטן, צוליב זייער קעגנוואַרט, פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. דער אַרבעטער איז לויט זיין סאָציאַלן וועזן בלוטיק פאַראינטערעסירט אין אַנטי־פאַשיסטישן כוח. אין דער פּאָטענץ איז דער אַרבעטער־קלאַס דער טרעגער פון אַנטי־פאַשיסטישן כוח, ווייל ע ר איז דער טרעגער פון דער אַנטוויקלונג, דער פאַשיזם — פון רעאַקציע, פון צוריק־גיין. סאָציאַליזם — דאָס איז די באַפרייונג פון מענטשן און זיין הערשאַפט איבער דער נאַטור. פאַשיזם — דאָס איז די הערשאַפט איבערן מענטשן פון דער אור־אַלטער, פון דער זאָאָלאָגישער נאַטור. דאָס איז זיין פּאָטענץ. אויך אַרבעטער קענען זיין פאַשיסטן. עס ליגט אין מענטשן אַ פּאָטענץ פון שנאה און פון דאָס אור־אַלטע, חיהשע. און אויך דעם אַרבעטער איז ניט פרעמד יעדע מענטשלעכע אייגנשאַפט. אָבער אַלס אַרבעטער־קלאַס, דאָס וואָס פאַראייניקט מענטשן לויט זייער אַרבעט, זיינען זיי קעגנגעזעצט דעם פאַשיזם. דערפאַר מוז דער פאַשיזם, אַפילו אויב ער וויל דאָס ניט, קעמפן קעגן קלאַסן־קאַמף פון אַר־בעטער־קלאַס. דער פאַשיזם איז אַן אויסדרוק פון הערשאַפט איבערן מענטש; ער פּאַסט אויף די באַציונגען צווישן מענטשן, ווי קאַמפס־באַציונגען. סיי די סעקסועלע באַציונגען, סיי די נאַציאָנאַלע באַציונגען — באַטראַכט ער ווי אַ הערשאַפט פון איין מענטשן איבערן צווייטן, פון איין ראַסע איבער דער צוויי־טער. נאָר איין קאַמף אַנערקענט ער ניט — דעם קלאַסן־קאַמף. ער וויל אָבער יאָ, עס זאָלן זיין קלאַסן־באַציונגען, די אַרבעט זאָל זיין באַהערשט, ווייל אַן

איר קענען ניט לעבן ניט קאַפּיטאַליסטן, ניט דער רענטיער און ניט דאָס מיליר־טער. פאַרשקלאַפונג פון אַרבעטער איז דער יסוד פון דער געזעלשאַפט און דערפאַר זיינען זיי ניט פאַראינטערעסירט אין אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט.

יעדע באַוועגונג וואָס וויל פאַרשקלאַפן מענטשן, אונטערדריקן די זעלבסטשטענדיקייט פון די אַרבעטער, איז אַ געפאַר פאַר דער פרייער, קאָמוניסטישער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע. דערפאַר איז די קאָמונע דער שאַרפסטער קעגנזאַץ צו דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. די קאָמוניסטישע און קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניזאַציע, זיינען די צוויי גרעסטע קעגנזאַצן, די צוויי פּאָלן אויף איין אַקס.

זשאַבאָטינסקי האָט ליב געהאַט צו זאָגן: „מען דאַרף קאָלאָניזירן ארץ ישראל". אָבער וואָס האָט ער פאַרשטאַנען אונטערן באַגריף — קאָלאָניזירן? זיין קאָלאָניזירן האָט געהייסן שאַפן אַ קאַפּיטאַליסטישע מדינה וואָס זאָל הערשן. ס'האָט געהייסן קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, קאָלאָניאַל באַהערשן דאָס לאַנד. דעריבער איז דער קיבוץ געשטאַנען אין גרעסטן קאַמף מיטן רעוויזיאָניזם. אין 1934 יאָר איז געשלאָסן געוואָרן אַ פּאָליטישער הסכם צווישן בן־גוריון און זשאַבאָטינסקין וועגן אַריינגיין פון די רעוויזיאָניסטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ס'האָט געשטערט דעם ציוניזם דער פּאַקט, וואָס ס'עקזיסטירט אַ צווייטע אָרגאַניזאַציע, און קאָנקורירט מיט אים.

מיר ווילן תמיד, אַז אַלץ וואָס וועט געטאָן ביי יידן, זאָל געטאָן ווערן דורך דער איינהייטלעכער, פרייוויליקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. זי איז אונדזער „מדינה אין וועג". הערצל איז געווען גערעכט, זאָגנדיק, אַז מיטן שאַפן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט ער געשאַפן די „יידישע מדינה". איך וויל, אַז אַלע יידן זאָלן זיין אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין דער מדינה אין וועג, כאָטש די מדינה איז נאָך ניט אַלץ. איך וויל, אַז אַלע יידן זאָלן זיין אין ארץ־ישראל, אָבער קודם כל אין ציוניזם. די אגודה און אויך די רעוויזיאָניסטן דאַרפן אַריינגיין אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער זיי מוזן אונטערליגן איר דיסציפּלין.

צווישן די באַדינגונגען פון די רעוויזיאָניסטן אַריינצוגיין אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען אַ הסכם פון די אַרבעטער און די רעוויזיאָניסטן, לויט וועלכן זיי טאָרן ניט פירן איינער קעגן צווייטנס ווילן אַ קאַמף. דאָס הייסט, אַז די אַרבעטער טאָרן ניט שטרייקן, אַז ס'פאַרפליכטעט זיי אַן אַרביטראַזש. עס קענען אַמאָל אַרבעטער מכבים זיין פרייוויליק אויף אַן אַרביטראַזש, אָבער אַ שטענדיקער און פאַרפליכטנדער אַרביטראַזש — הייסט פאַ־

שיזם, הייסט א וועג צו ליקווידירן ארבעטער-שולן און ארבעטער-פרייהייט; א וועג צו דער הערשאפט פון רעוויזיאניזם.

דער אינהאלט פון אונדזער קאמף איז ניט געווען א קאמף קעגן הסכם מיט די רעוויזיאניסטן, נאר קעגן א רעוויזיאניסטישן הסכם. דאס איז א וותור פארן פאשיזם, דאס הייסט צונעמען פון ארבעטער זיין געווער קעגן פאשיזם. אין דער שטעלונג האבן זיך אויסגעדריקט ניט נאר די אינטערעסן פון קיבוץ. אונדז האט ניט געדראט אזא גרויסע געפאר פון דעם, ווייל מיר האבן געקענט ארבעטן ביי זיך אין דער ווירטשאפט. דער קאמף איז געווען אין די אינטערעסן פון די לוין-ארבעטער אין שטאט, וואס פארלירן זייער מעג־לעכקייט צו קעמפן פאר פארבעסערן די באדינגונגען.

בן־גוריון — פון די ערשטע אין דער באוועגונג, אן ארבעטער, א שומר, א לעגיאנער. ער איז פון די ארבעטער-רייען געווארן א פירער פון „פועלי־ציון״; איינער פון די גרינדער פון דער הכתדרות און „החלוץ״. ער איז שטענדיק געווען אין פארבינדונג מיט די ארבעטער און איז דורך זיי ארויסגערוקט געווארן צו אנפירנדיקער פאליטישער ארבעט. ער האט אונטערגעשריבן דעם הסכם, נאר מיטן תנאי, אז דאס וועט באשטעטיקן די ציוניסטישע ארגאניזאציע, און צו דעם האט געמוזט זיין א הסכם פון דער הסתדרות.

מיר האבן געזען א דורכפאל פון דער הסתדרות אין אזא הסכם. א גרוי־סער טייל פון דער מפא״י איז געווען קעגן דעם, אויך דער „השומר הצעיר״. קעגן הסכם זיינען אויך געווען די ווייצמאניסטן, ווייל דער רעוויזיאניזם איז אזוי חוצפהדיק, אזוי ניט לאיאל. א ווירקונג האט געהאט דער טויט פון חיים ארלאזאראוו. פיל ארבעטער האבן דעם מארד געזען ווי א טאט, וואס איז גע־בונדן מיטן רעוויזיאניזם, וועלכער האט פאליטיש און מאראליש דערמעגלעכט דעם מארד. אויך דאס איז געווען א סיבה, צוליב וועלכער פיל ארבעטער זיינען געווען קעגן הסכם. קעגן זיינען אויך געווען די ארבעטער, וואס זיינען פאר־אינטערעסירט אין דער פראפעסיאנעלער באוועגונג. אין קיבוץ איז געווען די איבערוויגנדע מערהייט קעגן הסכם. מיר האבן געזען אין דעם א געפאר פאר דער הסתדרות, ווייל שטרייקן קענען אויך זיין ניט קיין געזעצלעכע און ארבע־טער קענען זיך שאפן א נייע זעלבסטשטענדיקע, פראפעסיאנעלע ארגאניזאציע.

א רעפערענדום פון אלע ארבעטער אין לאנד האט מיט א גרויסער מערהייט אפגעווארפן דעם הסכם מיטן רעוויזיאניזם. אבער דער הסכם מיטן רעוויזיאניזם האט אונדז געקאסט זייער טייער. מיר האבן פארלארן דעם הסכם צווישן זיך — דאס איז געווען דער ערשטער טיפער ריס.

דערנאָך האָבן מיר אונדזער שטעלונג פּאַרטיידיקט אויף דער זיצונג פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און אויך בן־גוריון האָט מיט אונדז צוזאַמען פּאַרטיידיקט די שטעלונג פון די אַרבעטער. מיר האָבן געזאָגט, אַז אויב ס'איז קאָנטראָל איבער דער אַרבעט — זאָל אויך זיין אַ קאָנטראָל איבערן קאַפּיטאַל. און, די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן ניט געוואָלט מיט כוח אונדז באַצווינגען.

דער קיבוץ איז אַ זעלבסטשטענדיקע פאָרם פון אַרבעטער־לעבן. אַלס אַזעלכער איז ער פאַראינטערעסירט צו שעצן די זעלבסטשטענדיקייט פון אַר־בעטער, צו זיין אַ פאַרבינדעטער אין קאַמף קעגן יעדער אונטערדריקונג פון אַרבעטער. מ'קען זיין אַ רעפאָרמיסט אין קיבוץ, אָבער צוליב זיינע אינטערעסן מוז מען האָבן אַזאַ שטעלונג, ווייל דער קיבוץ איז אַ לאַנדעס־אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט די אידיי פון אַ קאָמונע אין לאַנד. און ריכטיק איז, אַז דער קיבוץ איז אַ גייסטיקער צענטער פון זיינע חברים.

דער אינהאַלט פון קאַמף קעגן רעוויזיאָניזם איז ניט אַזוי די שנאה צו אים, אָדער, יעדנפאַלס, ניט די שנאה צו זיי — דאָס איז אַ גרויסע ליבע צום פאָלק, צום לאַנד, צום אַרבעטער. עס איז אַ קאַמף קעגן די, וואָס צעשטערן אָט די ליבע, וואָס זיינען קעגן איר. און ס'ליגט אין וועזן פון קיבוץ, אַלס קאָ־לאָניזאַטאָרישע באַוועגונג צו פירן אויף אַזאַ מין וועג דעם קאַמף. און דערפאַר איז ער דער טרעגער פון דער קאָלעקטיוויסטישער באַוועגונג אַלס קלאַסן־אידיי.

## פאָלק און לאַנד

מען קען ניט אָפּטיילן דעם גורל פון יידישן פאָלק פון גורל פון א"י. זיי זיינען אומצעטיילבאַר. דאָס יידישע פאָלק איז היסטאָריש פאַרבונדן מיט זיין לאַנד. ארץ־ישראל און עם ישראל זיינען איינס. דאָס פאָלק — דאָס זיינען אַלע יידישע מענטשן. אָן די מענטשן איז ניטאָ קיין פאָלק, ווי אָן ביימער איז ניטאָ קיין וואַלד. אַ בוים אַליין קען אויך לעבן, אָבער אין יעדן בוים שטעקט אַ שטיק וואַלד. אַזוי איז אויך מיט אַ פאָלק. יעדער ייד טראָגט מיט זיך דאָס פאָלק. יעדער דור טראָגט אין זיך זיין פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט.

מיר פאַרנעמען זיך מיט דער געשיכטע פון גאַנצן פאָלק, פון אַלע זיינע מענטשן. אַלס פאָלק זיינען זיי געשאַפן געוואָרן, ווען זיי זיינען אַריינגעטראָטן מיט א"י אין שעפערישע באַציונגען — ווען זיי האָבן זיך שעפעריש אַריינגע־מישט אין אויסזען פון לאַנד. ארץ־ישראל איז געווען דאָס לאַנד, וועלכע די יידן האָבן פריער איינגענומען, דערנאָך קאָלאָניזירט. זייערביידנס גורל איז

געבליבן פאַרבונדן. ייִדן האָבן איינגענומען דאָס לאַנד און צוזאַמען מיט די באַזיגטע שבטים אויסגעבילדעט אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט באַהערשט דאָס לאַנד אין זיינע נאַטירלעכע גרענעצן. נאַטירלעכע גרענעצן זיינען ניט אַבסאָלוטע, האָך זיינען דאָ נאַטירלעכע גרענעצן: די גרויסע בערג אין צפון, דער מדבר אין מזרח און דרום, דער ים אין מערב. אין אָט די גרענעצן האָבן די שבטים געקעמפט מיט דער נאַטור און צווישן זיך. די מענטשלעכע געשיכטע באַשטייט פון קאַמף פון מענטשן מיט דער נאַטור, און קאַמף צווישן מענטש און מענטש. דער קאַמף מיט דער נאַטור פאָדערט ס'זאָל זיך אויסבילדן אַ פאָלק, ס'זאָלן זיך פאַראייניקן מענטשן צו באַהערשן די נאַטור. ווען די שבטים האָבן זיך פאַראייניקט און אויפגעהערט צו קעמפן צווישן זיך, כדי צוזאַמען צו קעמפן קעגן דער נאַטור — האָט זיך אויסגעבילדעט דאָס פאָלק.

אין די נאַטירלעכע גרענעצן פון ארץ־ישראל האָט זיך געשאַפן דאָס ייִדישע פאָלק. דאָס לאַנד האָט געשאַפן דאָס פאָלק דערפאַר, ווייל די מענטשן האָבן געשאַפן דאָס לאַנד, קאָלאָניזירט עס, אויפגעהויבן אויף אַ מדרגה פון קולטור.

עס איז כמעט אַ געזעץ פון מדבר, אַז צייטן פון גרויסער אַנטוויקלונג ברענגען נאָך זיך אַ צייט פון נויט, וואָס צווינגט די מענטשן צו פרווון באַזיגן קולטורעל־אַנטוויקלטע פעלקער, וועלכע זיי טרעפן אויף זייער וועג. דאָס האָבן געטאָן די ייִדן, ווען זיי זיינען געקומען פון מדבר. אַזאַ געפאַר האָט געלויערט אויף די ייִדן דאָ, ווע זיי זיינע שוין געווען איינגעזעסן אין לאַנד. ארץ־ישראל איז אַרומגערינגלט מיט מדבריות און די ייִדן זיינען אָפט געווען געצוווּנגען צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן די אייביקע מדבר־סכנות, וואָס עקזיסטירן נאָך הייַנט און וועלן עקזיסטירן נאָך לאַנג — ביז מ'וועט ניט באַהערשן און אַנטוויקלען דעם מדבר.

די העכסטע שטופע פון פאַרבינדונג מיט א"י איז געווען דאַן, ווען די ייִדן זיינען דורכגעגאַנגען די אַלע דריי באַציונגען: דעראָבערונג, קאָלאָניזאַציע און פאַרטיידיקונג. אין פאַרווירקלעכן די דריטע באַציונג האָבן די ייִדן פאַרלוירן זייער זעלבסשטענדיקייט. מיר האָבן פאַרלוירן דאָס לאַנד, ווייל מיר האָבן געקעמפט פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן איינגאַרט. חוץ די ייִדן האָט קיין שום פאָלק ניט געהאַט מיט א"י די דאָזיקע באַציונגען. זיי האָבן אַלע געהאַט נאָר אַ דעראָבערונג־באַציונג, ניט קיין קאָלאָניזאַציע־באַציונג און מיט אַ פאָלק, וואָס טרעט אַריין מיט אַ לאַנד נאָר אין אַזעלכע באַציונגען, ווערט דאָס לאַנד ניט פאַרבונדן.

ווען די ייִדן האָבן געקעמפֿט פֿאַרן פֿאָלק האָבן זיי אויך געקעמפֿט פֿאַרן לאַנד. און ווען די רוימער האָבן באַזיגט און פֿאַרטריבן דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער חורבן פֿון לאַנד. עס האָט געדינט פֿאַר די פֿעלקער, וועלכע האָבן עס באַהערשט, נאָר אַלס דורכגאַנגס־לאַנד — קיינער איז ניט אַריינגעטראָטן מיט איר אין קאָלאָניזאַטאָרישע באַציִונגען.

א"י ליגט אין אַ וועלט־טייל, וועלכע איז אַמאָל געשטאַנען אויף אַ פֿיל העכערער מדרגה, ווי הײַנט. דאָס איז אַ גאַנצע טייל פֿון דער וועלט, וואָס איז חרוב און פֿאַרוויסטעט געוואָרן. די טייל איז באַהערשט געוואָרן דורך שבֿטים, וועלכע האָבן געהאַט געניג מענטשן צו דעראָבערן אָבער ווייניק צו קאָ־לאָניזירן. זיי זײַנען ניט געווען פֿעיִק צו קאָלאָניזירן די דעראָבערטע טעריטאָ־ריעס און האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייטן זיי אויפֿצוהאַלטן אויף דעם ביז־דאָמאָלדיקן ניוואָ. די מדבר־שבֿטים, וועלכע האָבן דעראָבערט די געביטן זײַנען געקומען מיט שווערד און ניט מיט אַקער־אײַזן. זיי זײַנען געשטאַנען אויף אַ נידעריקערן ניוואָ, ווי די פֿעלקער, וועלכע זיי האָבן באַזיגט און וועמענס אַנטוויקלונג זיי האָבן מיט זייער צוריקגעשטאַנענקייט פֿאַרניכטעט. אַזוי אַרום, איז צווישן אַנדערע, אויך א"י צוריקגעוואָרפֿן געוואָרן אין איר אַנטוויקלונג. בכלל ברענגט די ניט־גלײַכמעסיקע אַנטוויקלונג פֿון פֿעלקער און לענדער צו קאָנפֿליקטן. דאָס קען אויך ברענגען צום צעשטערן אַנטוויקלטע פֿעלקער, צו חרובֿ מאַכן לענדער.

א"י איז ניט קיין נאַטירלעכער מדבר, נאָר אין היסטאָרישן פּראָצעס איז זי געוואָרן אַ מדבר, ווײַל מען האָט פֿון איר אַוועקגעריסן די ייִדן, וועלכע זײַנען פֿאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פֿון לאַנד. א"י איז געווען אַ לאַנד פֿון מילך און האָניק. דאָס איז אַ רײַך לאַנד אָבער נישט פֿון נאַטירלעכע אוצרות; ס'איז רײַכטום, וואָס שטאַמט פֿון אַרבעט. ס'איז אַ לאַנד פֿון אַרבעט און ניט פֿון הערשאַפֿט.

ייִדן זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זייער לאַנד און אַריין אין אַ פֿערטער באַציִונג מיט איר: געדענקען און בענקען. אַנדערער באַוועגונג האָט געשאַפֿן אַ נײַע באַציִונג מיט א"י: פֿון עליה, פֿון אויפֿלעבן דאָס לאַנד און דורך דעם — דאָס פֿאָלק.

ייִדן האָבן געוואַנדערט און געשאַפֿן גרויסע און קליינע ייִדישע ישובֿים אין דער פֿרעמד נאָך דאָן, ווען זיי האָבן געהאַט זייער זעלבשטענדיקייט. אַזוי האָבן זיי געשאַפֿן זייערע קאָלאָניעס: אין אַלעקסאַנדריע — צוליב האַנדל,

אין בבל און אשור — ווו זיי זענען מיליטעריש פארטריבן געווארן. אָבער די גרעסטע טייל יידן איז דאָך געבליבן אין ארץ־ישראל.

נאָכן חורבן בית־שני זיינען יידן אין גרויסע מאסן, מיליטעריש פארטריבן געוואָרן. א גרויסע טייל איז אָבער איבערגעלאָזט געוואָרן אין לאנד. א טייל האָט מיט דער צייט אויסגעוואנדערט. די רוימער — פארגעמענדיק לענדער — פלעגן ניט פארטרייבן די גאנצע באפעלקערונג, ווייל זיי פלעגן די לענדער ניט קאָלאָניזירן, נאָר קאָלאָניאל באהערשן.

ביזן בר־כוכבא־אויפשטאנד (פיל יאָרצענדליקער נאָכן חורבן) זיינען אין י"י נאָך געווען פיל יידן, בעיקר אין די דערפער. א לאנד באזיגט מען ניט כל־זמן מען באזיגט ניט דאָס דאָרף. אין א"י זיינען געווען אזויפיל דאָרפס־יידן, אז זיי האָבן בעתן אויפשטאנד, פארכאפט די שטעט, באזעצטע דורך רוימער. ערשט נאָכן דורכפאל, האָט מען זיי אָנגעהויבן מאסנווייז פארטרייבן. טראָץ אלעמען אָבער, זיינען יידן אין א"י פארבליבן די גאנצע צייט. עס איז דאָ א מיינונג, אז פיל היינטיקע אי"דיקע אראבער שטאמען פון יידן. עס זיינען דאָ פיל סמנים דערצו: נעמען פון מענטשן, טראדיציעס, דער אויסזען פון אראבער אין געוויסע דערפער א. א. וו. עס זיינען געווען פיל, וועלכע האָבן גיכער געוואָלט בייטן דעם גלויבן, איידער זיך צעשיידן מיטן לאנד.

די, וועלכע האָבן פארלאָזט א"י האָבן מיטגעטראָגן מיט זיך די בענקשאפט צו זייער לאנד. דער אויסערלעכער אויסדרוק פון דעם, איז געווען די אומ־אויפהערלעכע עליה קיין ארץ־ישראל.

די רעליגיעזע עליה האָט געשאפן אין א"י דעם אלטן ישוב, וועלכער איז ניט פארוואנדלט געוואָרן אין א שאפנדיקן כוח. אָט די עליה האָט ניט געענ־דערט דעם אויסזען פון לאנד און ניט געקומען מיט איר אין שעפערישע באַ־ציונגען. ס'איז געווען א ג ל ו ת א י נ ע ר ה א ל ב א"י — אָן עקאָנאָמי־שער זעלבסטשטענדיקייט און ניט מיט קיין אייגענער ווירטשאפט. דער אל־טער ישוב איז געווען אָפּהענגיק פון די חלוקה־געלטער, וואָס זענען געקומען פון גלות.

מיט דער ערשטער עליה (1882), און בעיקר די קומענדיקע עליות נאָך איר, נאָכן אנטשטיין פון דער א"יִדיקער ארבעטער־באוועגונג און דער חלוצי־שער קאָלאָניזאציע — האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע אין לעבן פון פאָלק און פון לאנד.

# רעזומירונג

אונדזער באַוועגונג איז אין אַ צושטאַנד פון פאַרווירקלעכן אירע צילן. דאָס פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם איז אַן אויפגאַבע און אַ נויט־ווענדיקייט פון דער צייט און שטעלט אונדז גלייכצייטיק פאַר דרייערליי אויפ־גאַבן, וואָס זיינען נויטווענדיק פאַרבונדן: בויען, ראַנגלען זיך און דערציען. און מיר האָבן דאָך פאַר זיך אַ ביישפּיל פון סאָציאַליסטישן בוי אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווו עס איז שוין ניט געשיידעט דער בוי פונם געראַנגל און דערציונג. עס ווערט געבויט און ס׳קומט גלייכצייטיק פאַר דער גרויסער סאָציאַליסטישער קאַמף. די צוויי וועלט־מלחמות זיינען געוואָרן צוויי גרויסע שלאַכטן פון קלאַסן־קאַמף.

דאָס בויען און דער גערעאַנגל איז נוגע יעדן מענטשן, יעדן איינצלנעם. יעדער מענטש איז אַריינגעצויגן אין איינעם פון זיי און אַממערסטן — אין אַלע דריי. אונדזער באַוועגונג איז אַריינגעצויגן אין דעם אַלעמען, עס איז אַ טייל פון דעם.

די אַלגעמיינע דערשיטערונג פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג דאַרף פאַרשנעלערן אונדזער אויפבוי־אַרבעט אין א״י. זי דאַרף פאַרשטאַרקן דעם גרויסן קאַמף פון יידישן פאָלק, אין גערעאַנגל קעגן זיין אומקום. מיר קעמפן אַלס טייל פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכע איז אַ טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט.

מיר האָבן זיך באַמיט אין דעם סעמינאַר צו פאַרשטיין און דערקלערן דעם וועג פון אונדזער באַוועגונג. מיר זיינען אַ באַוועגונג, וואָס בויט און קעמפט פאַר אַ נייער צוקונפט פון יידישן פאָלק אין דער נייער צוקונפט פון דער מענטשהייט. די דערציונג איז אַ טייל פון דעם קאַמף. די אידעאָלאָגיע העלפט צו פאַרשטיין און דינט אַלס געווער. אונדזער באַוועגונג איז מער ווי אַ פאַריי־ניקונג פון מענטשן מיט איין אידעאָלאָגיע. מיר זעען אונזער קאַמף אַלס אַ טייל פון אַלמענטשלעכן קלאַסן־קאַמף, וואָס דריקט זיך אויס אין רעוואָלט פון אונטערדריקטע קלאַסן און פעלקער. מיר פאַרשטייען דעם קאַמף און די בוויונג ווי אַן אָביעקטיוון פּראָצעס פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, ווי אַ נויטווענדיקייט. און עס איז וויכטיק צו פאַרשטיין אָט די נויטווענדיקייט.

די אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע־קאָמונסטישע באַוועגונג — און אין איר די קיבוצישע באַוועגונג — טרעפט אַן אויף אַזויפיל קעגנערשאַפט און שטע־רונגען, איז פאַרבונדן מיט אַזויפיל קרבנות, טראָגט מיט זיך אַזאַ ערנסטן קאַמף

און פֿאָדערט אַזאַ איבערהדערציִונג פֿון דעם מענטשן, פֿון זײַן נאַטור, פֿון זײַנע אינסטינקטן און זײַן פֿאַרשטײַן — אַז זי וואָלט גאָר קיין אויסזיכט ניט געהאַט צו זיגן, אויב זי וואָלט ניט געווען אומפֿאַרמײַדלעך, ניט געווען אַ קאַמף פֿאַר לעבן און טויט.

די באַגריפֿן פֿון היסטאָרישער נויטווענדיקייט פֿון די אידעאַלן און פֿאַרווירקלעכונגס־מיטלען זײַנען פֿאַר אונדז זייער וויכטיק, ווײַל אָן זיי איז כּמעט אומדערקלערבאַר דער קאַמף, און עס איז אוממעגלעך אָן דעם דער גלויבן און דערפֿאַר די טאַט. דאָס פֿאַרשטײַן די היסטאָרישע נויטווענדיקייט, די אומפֿאַרמײַדלעכקייט פֿון קריזיס פֿון קאַפּיטאַליזם איז אַן אמת און זי איז דער יסוד פֿון אונדזער אידעאָלאָגיע, דער אידעאָלאָגישער יסוד פֿון אונדזער באַוועגונג. דער אונטערגאַנג פֿון קאַפּיטאַליזם מאַכט היסטאָריש נויטוועדיק און אומפֿאַרמײַדלעך דאָס אונטערגיין פֿון דער עקזיסטענץ פֿון ייִדישן גלות. ס׳ווערט אוממעגלעך פֿאַר ייִדן ווײַטער צו לעבן אַלס אַ מיעוט. בעתן קאַמף קען אַזאַ גייעם כּוח, וואָס גייט אויף אין גראַנגל, זײַנען מיר — אַלס אַ מינאָריטעט — פֿאַראורטיילט צו ווערן צעריבן און פֿאַרניכטעט. דער ווילן צו לעבן איז ניט קיין קאַפּריז, דאָס איז אַ היסטאָרישע, אַ נאַטור־נויטוועדיקייט, ווײַל דער געזונטער, נאַטירלעכער, נאָרמאַלער מענטש איז ביאָלאָגיש באַגאַבט מיט ליבע און ווילן צום לעבן. איז ווילן מיר לעבן אַלס אײנצלנע — קענען מיר ניט אָן דעם לעבן פֿון פֿאָלק, ווײַל אַסימילאַציע איז אַ חלום און אַן אוטאָפּיע. אַפֿילו אין היטן דור ווערט מען דערקענט אַלס ייִד. די איצטיקע תּקופֿה איז אַ צײַט פֿון אומסטאַביליטעט, פֿון סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער קאַפּיטאַליזם וועט צו אַ לאַנגער סטאַביליטעט זיך ניט צוריקקערן, אָבער פֿרײַוויליק וועט ער אויך זײַן קאַמף ניט אויפֿגעבן. ער האָט דורכגעפֿירט צוויי קריגן און דראָט מיט אַ דריטן, וואָס וועט שוין מוזן אַרומנעמען די גאָר גאַנצע וועלט. אין אַזאַ צײַט, ווען סטאַביליטעט אויף עטלעכע דורות איז ניט מעגלעך — זײַנען אַלע מיאוסע, שקלאַפֿערישע, פּחדנישע חלומות פֿון ווערן ניט ייִדן, אַסימילירן זיך צו אַ צווייטן פֿאָלק, פֿאַראורטיילט אויף פֿולקאָמער פּרובלאַזיקייט. זיי קענען העלפֿן אָפּמעקן די ייִדישע שפּראַך און קולטור, אָבער קיינער קען זיך ניט ראַטעווען פֿון אומפֿאַרמײַדלעכן גורל פֿון זײַן פֿאָלק. מיר זײַנען צו דעם פֿאַראורטיילט.

אין דער הײַנטיקער צײַט קענען מיר זיך ניט אַסימילירן און ניט לעבן נאַציאָנאַל אין קיין לאַנד. יעדע סטאַביליטעט אונדזערע איז אַזוי צײַטווײַליק און איבערגייענדיק, ווי די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט. עס איז אַלזאָ היס־

טאַריש אומפּאַרמיידבאַר די ליקווידאַציע פון דער יידישער מינדערהייט. אין די נאָענטסטע יאָרן איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, דער סאָציאַלער אויפבוי — דאָס אַקטועלע. און אַזוי ווי די סאָציאַלע רעוואָלוציע, די קאַפּיטאַליסטישע דערשיטערונג און דער אינטערנאַציאָנאַלער אויפברויז — אַזוי איז אומפאַר־מיידלעך אונדזער אונטערגאַנג אין גלות. עס וועט ליקווידירט ווערן אונדזער מינדערהייט.

דערפאַר איז אונדזער אויפבוי אין א״י אַ זאַך פון אונדזער דור. דער אויפ־בוי פון אַן אַרבעטס־פאָלק אין שטאָט און דאָרף, אויפן באָדן און וואַסער; דער אויפבוי פון אַ קאָנצענטרירטן יידישן ישוב, וואָס וועט צונויפנעמען מיליאָנען יידן. דאָס אַלץ איז אַ זאַך פון אונדזער דור. מיר האַלטן ביי די ערשטע טריט פון דעם, אָבער זיי זאָגן אונדז שוין, אַז די אויפגאַבע איז רעאַליזירבאַר. ערש־טנס, ווייל דאָס איז היסטאָריש אומפאַרמיידלעך און ס׳איז קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ; צווייטנס, ווייל דאָס לאַנד איז נאָך ניט קאָלאָניזירט, און עס האָט קאָ־לאָניזאַטאָרישע אויפנאַמס־פעיקייט פאַר מיליאָנען מענטשן.

דאָס געשאַפענע דורך די 650.000 יידן אין א״י איז גענוג צו באַווייזן, אַז סוחרים, לופטמענטשן, אינטעליגענץ — דער צוזאַמענשטעל פון יידן אין גלות — זיינען פעיק אַריבערצוגיין, מיט דער הילף פון אַ נאַציאָנאַלן אידעאַל און נאַציאָנאַלער באַוועגונג, צו אַן אַרבעטער־ און פויערים־לעבן. דאָס פאָלק וואָס איז במשך פון צוויי טויזנט יאָר דערצויגן געוואָרן צו לאָזן זיך אומברענ־גען פּאַסיוו, איז איבערדערצויגן געוואָרן צו שטעלן זיך אין קאַמף פאַר זיין לעבן און כבוד מיט געווער אין האַנט. דאָס האָבן באַוויזן די טויזנטער מענטשן מיט זייער מוט, דער נייער טיפּ מענטש — דער אַרבעטנדיקער און קעמפנדיקער.

650.000 יידן אין א״י איז נאָך ניט די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. אָבער זיי זיינען אַ בולטער באַווייז פאַר זיין רעאַליזירבאַרקייט; אַ באַווייז וועלכן מ׳קען ניט אָפּמעקן, ווייל זיי זיינען ניט קיין עליטע, אָדער אויס־דערווײלטע, — דאָס איז אַ קווער־שניט אין גאַנצן פאָלק: אַסימילירטע יידן, רעליגיעזע, מערב און מזרח־אייראָפּעישע יידן, אשכנזישע און ספרדישע, אַר־בעטער און סוחרים.

עס איז פאַר אונדז היסטאָריש־נויטווענדיק צו בויען א״י סאָציאַ־ליסטיש, פאַרבונדן מיט אַ קלאַסן־קאַמף אין דערווירטשאַפט און בויונג, אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די פאַרווירקלעכונג וועט פאַרקומען ניט נאָר

דורכן סאָציאַליזם, אָבער אָן אים איז זי ניט מעגלעך. זי איז ניט מעגלעך אָן קאַמף, אָן אויפקלערונג און אָפּוועגדונג פון טענדענצן וואָס זיינען שעדלעך פאַר דער סאָציאַליסטישער בוויגנג. דאָס שאַפן אַן אַרבעטנדיקן יידישן פאָלק איז אַן אויפבוי־אויפגאַבע, פאַר וועלכער מען מוז זיך ראַנגלען. דאָס ניט אַר־בעטנדיקע איז היסטאָריש איינגעוואָרצלט אין יידישן לעבן, כאָטש עס זיינען ביי אונדז ניט פאַראַן קיין גרויסע בורזשואַזע שיכטן, בפרט פעאָדאַלע און רעליגיעזע. דאָך איז דער קאַמף קעגן די ניט־אַרבעטנדיקע טענדענצן אומ־פאַרמיידלעך. עס וועט ניט געבויט ווערן קיין אַרבעטנדיקע א״י אָן אַ סאָציאַ־ליסטישן קאַמף, אָן אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

דער ציוניזם וועט געבויט ווערן דורך אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק, ער וועט זיין אַ רעזולטאַט פון אַ כל־ישראל באַוועגונג. אָבער ער מוז זיין און וועט זיין דיפערענצירט אויף פּאַרטייען און מיינונגען, שטרעבונגען, אינטערעסן. דער ציוניזם איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דער יידישער ווירקלעכקייט, אַ נויטווענדיקייט פון איר. און עס איז נויטווענדיק איר אינערע דיפערענצירונג און קאַמף, ווי עס איז נויטיק דאָס זעלבע ביי אַלע פעלקער. ס'איז שעדלעך דער געדאַנק, אַז מען דאַרף אָפּשוואַכן דעם קלאַסן־קאַמף, ווייל עס איז דאָ אַ פאַרשיידנהייט אין אינטערעסן. און עס וועט ניט פאַרווירקלעכט ווערן דער אַרבעטער־אינהאַלט, דער קיבוציש־קאָמוניסטישער אינהאַלט אָן דעם זעלבסטשטענדיקן קלאַסן־קאַמף.

דער קיבוץ איז אַ וועג צו שאַפן אַ יידיש פּויערטום; אַ מיטל און אַ ווערט פאַר זיך; אַ היסטאָריש נויטווענדיקער פאַקטאָר, וועלכער איז פאַר־וואָרצלט אין דער אַנטוויקלונג. דער קיבוץ איז אַ ציל און יסוד פון אויפבוי, קאַמף און דערציונג; אַ ווינקל־שטיין אין בוי פון סאָציאַליזם אין דער וועלט און פון דער צוקונפט פאַר אונדזער פאָלק.

דער ציוניזם האָט שטערונגען. א״י איז פאַר אונדז אַ נויטווענדיקייט, פאַר די אַראַבער — ניט. דער ציוניזם איז היסטאָריש ניט קעגנזעצלעך צו די אַראַבער, און ניט צו די אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסן. ער איז אַ שטערונג און שטייט אין קעגנזאַץ מיטן איינהאַלטן א״י אין איר איצטיקער לאַגע; מיט די אינטערעסן פון די קלאַסן, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין עקספּלואַטירן דאָס לאַנד און ניט אין זיין אַנטוויקלונג; וואָס זיינען פאַרינטערעסירט אין סטראַטעגיש־מיליטערישער, אָדער עקספּאָרט־אויסנוצונג פון לאַנד. דער ציוניזם שטייט ניט אין ווידערשפּרוך צו די אינטערעסן און נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון די אַראַבישע פּויערים, און אַרבעטער. מיר בויען ניט אויף עקספּלואַטירן

אָדער אויסנוצן — ניט דעם באָדן, ניט דעם אַרבעטס־כוח פון די אַראַבישע אָר־בעטנדיקע מאַסן. מיר זייַנען בכוח אַריינעמען מיליאָנען יידן, ניט אַרויס־טרייבנדיק קיין איין אַראַבער. מיר שטיצן זיך אויף די מעגלעכקייטן, צו קאָ־לאָניזירן אויפן גיט באַזעצטן לאַנד מיליאָנען — דורך גרויסער מעכאַניק, קאַ־פּיטאַל־שאַפונג און קאַפּיטאַל־אַריינליייגונג; דורך גרויכער אָרגאַניזירונג פון מאַסן. דאָס מאַכט ניט וויניקער שאַרף אונדזער נויטוועַנדיקייט צו קעמפן מיט קעגנער, מיט די אינטערעסן פון די פעאָדאַלן פון די אַראַבישע מדינות, וואָס הויבן ניט דעם לעבנס־ניוואָ, די קולטור און אַנטוויקלונג ביי זייערע פעלקער אַזוי לאַנג ווי זיי הערשן. די ענגלישע אימפּעריאַליסטן, וואָס זיינען דורך זייער אַנטוויקלונג פאַרינטערעסירט געוואָרן אין עקספּלואַטירן לענדער — זייַנען נאַטירלעכע פאַרבינדעטע פון די אַראַבישע פעאָדאַלן אין און אַרום ארץ ישראל. אָבער עס איז אַן אונטערשייד צווישן קאַמף פון אַ פאָלק, וואָס איז פאַרינטע־רעסירט אין דעם לייבלעך, פון אַ יידישער זעלבסטבאַשיצונג און קאַמפּס־פעיקייט פון אַ יידישן אַרבעטער אָדער פּליט, וואָס האָט קיין אַנדער אויסוועג ניט — און דער קאַמפּס־פעיקייט פון אונטערגייענדיקע־קלאַסן, וואָס זייַנען אין דעם גיט אַזוי בלוטיק פאַרינטערעסירט. די גרייטקייט און אָפּפערוויליקייט פון יידישע מאַסן קען מען גאָרניט גלייכן צו דער גרייטקייט פון אַראַבישע אָר־בעטנדיקע מאַסן, וואָס ניט צוליב יידן ווערן זיי אונטערדריקט, וואָס נאָר נאַ־ציאָנאַל־שאָוויניסטישע און רעליגיעזע אינטערעסן ברענגען זיי צום קאַמף.

מיט דעם וווקס פון אונדזער כוח וואַקסט אויך דער ווידערשטאַנד קעגן אים. מיר שטייען פאַר גרויסע קאָנפליקטן, וועלכע זייַנען אומפאַרמיידלעך, אָבער ס'איז אונדזער איינציקע מעגלעכקייט און אויסוועג. ס'איז דאָ אַ מעג־לעכקייט פון אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן אונדז מיט אַ כאַציאַלער באַוועגונג צווישן די אַראַבער — אָבער ניט אַזוי גיך. אַזוי לאַנג, ווי ס'איז קליין ביי זיי דער פּראָגרעסיווער כוח און ס'איז אומבאַגרענעצט די מופטי־מאַכט — איז באַ־גרענעצט, אפילו פאַר אונדז, צו קומען מיט זיי צו אַ פאַרשטענדיקונג.

די אַראַבישע פעאָדאַלע לענדער נויטיקן זיך אין מענטשן. דאָס זייַנען גרויסע לענדער מיט אַ שיטערער באַפעלקערונג, — אָפּגעשטאַנענע אין טעכ־ניק און באַוווסטזיין. אין זייער פּראָגרעסיווער אויפלעבונג וועלן אָט די לענ־דער זיין אַ גרייט פעלד פאַר אויפנעמען מענטשן. אַ נאַציאָנאַל־אויפלעבערישע באַוועגונג נויטיקט זיך אין אויפנעמען מענטשן. זי איז געדרענגט פון שוואַכער מעגלעכקייט צו קאָלאָניזירן איר לאַנד, פון דער קליינער באַפעלקערונג, פון

דער פּאַרוויסטונג פון אַמאָל קולטורעלע שטחים. דעריבער איז דער ציוניזם אויך אַ פּראָגרעסיווער פאַקטאָר אין דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון די אַראַבישע פעלקער אַרום. דאָס אויפשטייגן פון אַרבעטנדיקע אַראַבישע מאַסן צו אַ העכערן לעבנס־ניוואָ איז אַן אויפשטייג צו פּאָליטישער אַקטיוויטעט און זעלבסטשטענדיקייט. מיר האָבן דערפאַר אין היסטאָרישער פּערספּעקטיוו גרויסע מעגלעכקייטן צו באַזעצן א״י אויף קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעטס־יסודות.

עס קען ניט זיין קיין הסכם צווישן סאָציאַליזם, קאָלאָניזאַטאָרישן־ציוניזם און די אַראַבישע הערשער. אַזאַ הסכם קען זיין נאָר אויפן חשבון פון דער עליה פון מיליאָנען יידן. יעדער הסכם וואָס איז אַ שלום מיט אַראַבער אָדער ענגלענדער אויפן חשבון פון ברייטער יידישער עליה — איז אַ קאַטאַסטראָפע פאַרן יידישן פאָלק, ווייל די שנעלע עליה אין די נאָענטסטע יאָרן איז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פאַר זיין עקזיסטענץ. קיין זאַך קען אין א״י ניט קומען אנשטאָט דעם טעריטאָריאַליסטישן אינהאַלט פון לאַנד, אנשטאָט דער מעגלעכקייט פון עליה און התישבות. עליה, אַרבעט און קאָלאָניזאַציע — דאָס איז דער „א“ און דער „ת“ פון אונדזער באַוועגונג. עליה און באָדן איז דער באַדינג און אינהאַלט, דער מיטל און ציל פון ציוניזם. מיר מוזן פאַר אים קעמפן דורך בויונג, אַגיטאַציע און דערציונג — מיטן גאַנצן לעבן און גאַנצן גוף.

מיר האָבן ניט קיין אַנדער אויסוועג און קיין שום אַנדער וועג. דערפאַר איז אונדזער גערעגל קודם כל אַ נויטווענדיקייט. אַ נויטווענדיקייט איז אונדזער קאַמף פאַר עליה און התישבות און דאָס שיצן אונזער געווער, וואָס דינט צום פּאַרטיידיקן אונדזער בויונג. און פאַר דעם פרידלעכן בויען מוזן מיר זיין קריגעריש גרייט. פאַר די דריי עלעמענטן — עליה, התישבות און הגנה — איז דאָס יידישע פאָלק און אונדזער באַוועגונג געצוווּנגען צו גיין ביז דאָס לעצטע. ווען מיר בלייבן אָן עליה קלייבן מיר אויס דעם שענדלעכן אונטערגאַנג אין אַ נייעם דאַכאַו אין גלות. דערפאַר איז אונדזער קאַמף אומבאַזיגבאַר, אויב מען וועט אונדז ניט פאַרטיליקן. און עס איז ניט גלייך דער אינטערעס, מיט וועלכן מיר קעמפן פאַר אונדזער איינציקן וועג, און דער אינטערעס פון אימפּעריאַליסטן אָדער אַראַבער, וואָס זיינען אין דעם קאַמף ניט לעבנס־פאַרינטערעסירט. מיר קעמפן, אַז די וואָס הערשן איבער א״י זאָלן ניט קענען פאַרשליסן פאַר אונדז דאָס לאַנד, אָדער אַ טייל פון איר. אונדזער קאַמף קעגן ווייס־בוך, קעגן באָדן־באַגרענעצונגען, קעגן חלוקה און פאַר עליה — איז די אויפגאַבע פון אונדזער דור און וועט געפירט ווערן מיט אַלע מעגלעכקייטן און אַלע געווערן פון קאַמף.

יעדער הערשער פון לאַנד מוז זיך צוזאַמענטרעפן מיט אונדזער אויפבוי־באַוועגונג און אונדזער זעלבסטשוץ אין לאַנד. מיר זיינען אַ באַוועגונג פון בוי, קאַמף און דערציונג. אונדזער אויפבוי קען ניט זיין אָן דערציונג. ס'איז אַן אויפבוי פון לאַנד, פון אַ מדינה, פון אַ קולטור, אַ שפּראַך און אַ מענטשן. מיר קענען ניט אָפּלייגן דאָס איבערבויען פון מענטשן און דאָס בויען פון דער קאָמונע אויף דער צייט ווען מיר וועלן איבערנעמען די מאַכט, ווייל אונדזער מענטש איז ניט קיין אַרבעטער און קאָלאָניזאַטאָר. מיר זיינען אַ קליינבירגערלעך פאַרמיטלער־פאָלק. מען מוז אין דעם מענטש, אין דעם גלות־מענטש, דערוועקן און אויפלעבן אַלט־ארץ־ישראלדיקע, העברעישע, אַרבעטנדיקע, פּויערישע און קעמפערישע מעגלעכקייטן — פאַרשאָטענע פון צוויי טויזנט יאָר. מ'מוז טאָן אַזאַ דערציונגס־אַרבעט, וואָס זאָל דערוועקן אַן אַרבעטער־קאָמוניסטישן גלויבן אין מענטשן. אָן דעם איז דער ציוניסטישער אויפבוי ניט מעגלעך.

אויב דער באַנקיר, דער ספּעקולאַנט, דער פאַרקריפּלטער און אָרעמער מענטש וועט ניט איבערדערצויגן ווערן, — איז דער ציוניזם ניט מעגלעך. דער רעוויזיאָניסטישער גלויבן אין רעגירונגס־פאַרכאַפּונג איז אַ פאַשיסטישער גלויבן אין שטאַטס־הערשאַפט, אין אייביקייט פון שלעכטס. ס'איז אַן אומגלויבן אין מענטשן, אין עוואָלוציע און רעוואָלוציע. אָן גלויבן אין מענטש און דערציונג איז דער ציוניזם אַן אוטאָפּיע. די איבערדערציונג איז מעגלעך ביי יעדן מענטש און ביי יעדן ייד. דאָס איז שווערער ביי אַן עלטערן און לייכטער ביי אַ יונגטלעכן, אָדער קינד. די דערציונגס־אויפגאַבע איז וויכטיק פּונקט ווי דער קאַמף און די בויונג. אונדזער דערציונגס־באַוועגונג דערציט צום קיבוץ ווי צו אַ מיטל און ציל פון ציוניזם; אַ באַוועגונג צו דערציען יעדן איינצעלנעם צו אַ בויענדיקן, קעמפנדיקן, זעלבסטשטענדיקן און שאַפנדיקן מענטש. אונדזער גלויבן אין דעם איז באַגרינדעט אויף אונדזער אידעאָלאָגיע. די אויפגאַבע רעאַליזירט זיך ניט פאַטאַליסטיש, סטיכיש, זי פאָדערט אָרגאַניזירטן אַריינמיש זיך אין שאַפונג. זי פאָדערט אַן אָרגאַניזירטע דערציונג: איבערצייגן, אַנטוויקלען געפילן, גוטע טאַטן, ביישפּילן אין לעבן. אונדזער וועג פירט דורך אַריבערגיין צו אַ לעבן פון אַרבעט, דורך דערציען צו גלייכהייט און שותפות, דורך אַלזייטיקן דערציען און פאַרבינדן צום לאַנד. מיר דאַרפן אָרגאַניזירן אַ קיבוץ־לעבן אין גלות — פון די קינדערשע יאָרן אָן, פאַר דער עליה, אין וועג און אין ארץ ישראל.

דער סעמינאַר איז אין 1947 יאָר גערופן צו זיין דער הויפּט־טרעגער פון

